אַרויסגעגעבן אין פֿינפֿהונדערט עקזעמ-
פּליאַרן אין פֿאַרלאַג „הוטנער", מיט דער
מיטהילף פֿון יידישן פּען-קלוב — וואַרשע
ניינצנהונדערט זיבנאונדרייסיק

בער שנאַפּער

# בלאָע ווערטער

## לידער

פאַרלאַג „הומנער" וואַרשע

אַרויסגעגעבן מיט דער מיטהילף

פון יידישן פּען־קלוב

איך בין פול מיט דיר — אָ, ליד מיינס!
איך בין צייטיק מיט דיר, ווי אַ בוים —
ווי אַ בוים סוף־זומער מיט פרוכט!

פאַל אַראָפּ פון מיר, אָ! פאַל אַראָפּ,
פון מיין געדאַנק, פון מיין געפיל —
ווי ס'פאַלט אַראָפּ אַ צייטיקער אַפּל
פון אַ שווער־באַלאַדענעם אַפּל־בוים,
אויף קילער, פרי־האַרבסטיקער רוי־ערד!...

רייס זיך אָפּ פון מיר — אָ, ליד מיינס!
רייס זיך אָפּ, אַליין, פון זיך —
ווי ס'רייסט זיך אָפּ אַ שיפל פון אַ ברעג,
אין אַ צייט פון אַ גרויסן, גרויסן שטורם!...

און לאָז דיך לויפן מיט די ראַשיקע טייכן!
און לאָז דיך טראָגן פון די גרויסע וואַסערן!
און לאָז דיך שווימען איבער די טיפסטע אָקעאַנען!

נאָר לאָז דיך נישט פאַרפירן פון די ווינטן!
נאָר לאָז דיך נישט צערייסן פון די שטראָמען!
און לאָז דיך נישט צעשמעטערן פון די שטורעמס!...

נאָר בלאָז אָן דיינע שיינע, דיינע שטאָלצע זעגלען,
ווי צוויי געזונטע, יונגע לונגען — — —

און געדענק:

אַז ערגעץ־ווּ —
אינמיטן די גרויסע וואַסערן!
אַז ערגעץ־ווּ —
אינמיטן דעם שטילן אָקעאַנוס:

שטאַרט אַרויס אַ נאַקעטער פעלז!
שטעכט אַרויס אַ קרעליקע ראַפע!
שטאַרט אַרויס —
שטעכט אַרויס —
דאָס איינזאַמע, נאַקעטע —
דאָס פעלזיקע, ראַפיקע —
דאָס שטיינערנע האַרץ פון דער וועלט!!...

קרייז עס אַרום, אַ ליד מיינס, קרייז עס אַרום!
ווי ס׳קרייזט אַרום אַן איינזאַמען פעלז —
ווי ס׳קרייזט אַרום אַ ראַפיקע קרעל —
אַ שיף אין דער נאַכט!
אַ שיף אין דער נאַכט!

*   *

*

(מ. נייגרעשלען)

ברודער —
לאָמיר זינגען סומנע, אומעטיקע לידער!
לאָמיר זיין קליין און באַשיידן —
און לאָמיר תמיד לאָזן טרויעריק זיין
אונזערע שטומע פריידן!...

לאָמיר זיין שטיל און קלאָר, ווי אַ וואַסער —
און לאָמיר נישט אַרויסזאָגן קיין געדאַנקען!
און זאָלן תמיד אויסזען אונזערע געזאַנגען,
ווי יידישע כלות — טרויעריקע און בלאַסע!...

לאָמיר זיך באַהאַלטן אונטער אונזערע געפילן,
ווי דרעמלדיקע עופות — די קעפלעך אונטער פליגלען.
און לאָמיר נישט זינגען מער קיין — ווערטער!
לאָמיר זיין מילד און באַצערט, ווי שאָטנס ווי קילע —
אייביק פאַרצאָגטע און תמיד פאַרקלערטע!...

לאָמיר אונזערע רייד מיט אַ שווייגן פאַרזיגלען,
און לאָמיר בלויז זיין! און גאָרנישט נישט טון!

(ווי עס טוען גאָרנישט די זון און די לבנה!)
לאָמיר פאַרדעקן מיט אונזערע געמיטער דאָס פנים,
און לאָמיר זיין, ווי די פייגל, וואָס פליען און פליען —
און ווייסן קיינמאָל נישט געניי — וואַהין?...

ברודער —
לאָמיר זינגען שטילע און טרויעריקע לידער!
און לאָמיר זיך נישט לאָזן דערקענען!...
לאָמיר נישט אויסזאָגן, ווער מיר זענען —
ווי עס זאָגן קיינמאָל נישט אויס די בלום
און דער זשוק און די בין. — —

לאָמיר זיין שטום!
לאָמיר זיין — אָן אַ זין!...

# איך װאָלט װעלן...

איך װאָלט װעלן נאָך אַמאָל,
איך זאָל קענען פֿאַרשטײן
די פֿרײד פֿון אַ גראָז,
װאָס װאַקסט און װאַקסט —
און װײסט אַלײן נישט פֿאַרװאָס?...

איך װאָלט װעלן נאָך אַמאָל,
איך זאָל קענען פֿאַרשטײן
דעם צער פֿון אַ שטײן,
װאָס ליגט און ליגט —
און װעט זיך שױן קײנמאָל
נישט אױפֿהײבן — גײן!...

איך װאָלט װעלן נאָך אַמאָל,
איך זאָל קענען פֿאַרשטײן
דעם צער פֿון אַ בױם —
װאָס װאַקסט אין אַ טאָל,
אױף אַ פֿעלד, צי אַ פֿלײן,
אײנער אַלײן —
און קען שױן נישט טרעפֿן
אין װאַלד אַרײַן!...

# פרילינג

ווי פשוט, ווי לייכט, ווי איינפאַך און שיין —
ס'איז פרילינג דעם מענטש — אַ מענטש צו זיין!

ווי וווּנדערלעך, וווּנדערלעך, וווּנדערלעך שיין!

און איך, אָ נאַר! האָב גאָרנישט געוווּסט —
אַז ס'קאָן דאָך נישט אייביק זיין פינסטער און פוסט,

און אַז פּלוצלינג — אַמאָל און אָן אַ פאַרוואָס,
זאָל פון אַ ווינטל, אַ פשוטער בלאָז —

אַ צווירטש פון אַ פויגל, אַן אָנפלי פון שוואַלבן —
מיך מאַכן פאַרגעסן, אַז מענטשן שטאַרבן!

אַז נעכט זענען שוואַרץ און טעג זענען גראָ —
און אַז נויט איז נאָך דאָ! און טויט איז נאָך דאָ!

און אַז ס'איז נאָך נישט אַלץ געוואָרפן די בריק —
צום ווייטן, צום בלאָען, צום מענטשלעכן גליק!...

אַז מענטשן, ווי מענטשן, זענען אַלץ נאָך נישט גרייט
אויפצונעמען דאָס ביסעלע פרייד —

אַזוי פשוט און פראָסט, און אָפן און רוי
און מענטשלעך אַזוי — —

אָט אַזוי — אָט אַזוי —
ווי ס׳נעמט אויף די בלום — אַ טראָפּעלע טוי.

אָדער אַזויווי אין פרילינג — דאָס גראָז,
ווען ס׳פילט אויף זיך שפּרינגען צום ערשטן מאָל —
אַ יינגינקן האָז!...

און איך, אָ נאַר! האָב גאָרנישט געוווּסט —
אַז ערגעץ אין מיר, אָן אַ זייט, אין דער ברוסט,

אין אַ ווינקעלע ערגעץ — באַהאַלט זיך גאָר אויס
עפּעס אַזוינס, וואָס איז קליין און איז גרויס!...

אַזוי גרויס, ווי די וועלט! און ווי זי אַזוי אַלט —
עלטער נאָך פון דעם ים און דעם וואַלד!

און קליין אַזוי, ווינציק, און ציכטיק און צאַרט —
ווי דאָס קליינע, דאָס גרויסע, דאָס מענטשלעכע האַרץ!...

# אַיעדן טאָג אינדערפרי...

אַיעדן טאָג אינדערפרי —
ווען איך עפן אויף פֿאַר מיין טאָג די טיר,
דאַכט זיך מיר:
פון היינט אָן ערשט הייב איך אָן צו לעבן!

פון היינט אָן ערשט וועט דאָס צוגעזאָגטע גליק
אַריבערוואַרפן אויך צו מיר — אַ בריק!
פון היינט אָן וועט מיט דער זוניקער זייט —
זיך אויסדרייען אויך צו מיר — די פרייד!

און אויך פֿאַר מיר —
וועט זיך אויפעפענען די שווערע, די אייזערנע טיר,
הינטער וועלכער, איך האָב — אַ שטילער, אַ פֿאַרקלערטער
געהאָדעוועט, ווי בלומען — מיינע שענסטע ווערטער,
וואָס דאַרפן נאָכאַמאָל אַ נאָמען געבן — מענטש און וועלט!
דעם באַרג און דעם טייך, דעם וואַלד און דעם פעלד!
וואָס דאַרפן נאָכאַמאָל אַ נאָמען געבן — מיר און דיר
און אַלדאָס אייביקע, וואָס ליגט אויף יענער זייט טיר!...

אַיעדן טאָג אינדערפרי —
ווען איך עפן אויף פֿאַר מיין טאָג די טיר,
דאַכט זיך מיר:
פון היינט אָן ערשט הייב איך אָן צו לעבן!

פון היינט אָן ערשט, אָ! פון היינט אָן —
וועל איך אויפוויקלען מיין לעבן, ווי אַ נייע פאָן!
אַ פאָן פון טריומף, אַ פאָן פון זיג —
איבער דעם גרויסן, דעם קליינעם —
דעם מענטשלעכן גליק!...

אַיעדן טאָג אינדערפרי —
גלייכט זיך אויס מיין רוקן, גלייכן אויס זיך מיינע קני,
און ס׳עפנט אויף זיך מיין בלאָער, מיין נעכטיקער טרוים —
ווי אַ קנאָספּ אויף אַ יונגן, אויף אַ מאַיקן בוים!

און איך ווער, אָ! איך ווער ווידער צוריק —
דאָס קינד פון האָפענונג! און דאָס קינד פון גליק!
און דאָס קליינע, דאָס גרויסע, איינטאָגיקע קינד —
וואָס לאָזט ווידער פּאַפּירענע שלאַנגען אויפן ווינט,
און הייבט ווידער אָן בויען מיט קאָרטן, אויף זאַמד —
דאָס שיינע, דאָס זוניקע — דאָס גאָלדענע לאַנד!
און הייבט ווידער אָן מאָזלען און ווידער צו פּאָקן —
און ביז צום אָוונט — ווערט עס צריך אַ זקן!...

## ביז די נאַכט וועט קומען...

גרויס איז דער טאָג פון אַ לעבן! ליכטיק און לאַנג —
ווי די גרויסע בענקשאַפט אויף וועלכער איך בין קראַנק!

ביז די נאַכט וועט קומען, אָ! ביז די נאַכט וועט קומען —
וועל איך זיך אַוועקלייגן ביי די בעכערס פון אַלע בלומען!
וועל איך זיך אַוועקלייגן ביי דעם בעכער פון דער
שענסטער בלום,
וועל איך זיך אַוועקלייגן — אַ זויגקינד — ביי דעם בעכער
פון דער זון,
און וועל זייגן — — —

און אַלע ביימער און אַלע בלעטער, און אַלע צווייגן,
וועלן אויסשטרעקן צו מיר זייערע טויזנט הענט —
גלייך זיי וואָלטן אין מיר זייערס אַ ברודער דערקענט!
און אַלע גראָזן, און אַלע קרייטער, און אַלע בלומען,
וועלן צו מיר, ווי צו זייערס אַ שפּיל־חבר קומען
און זיי וועלן זיך מיר געבן צו דערקענען —
און זיי וועלן מיר אויסזאָגן ווער זיי זענען! — —

ביז די נאַכט, אָ! ביז די נאַכט וועט קומען —
וועל איך אויסנאָגן די זאַפטן פון אַלע בלומען!
וועל איך אויסטרינקען די טויען פון אַלע גראָזן —
און אויסשפּרינגען די שפּרונגען פון אַלע האָזן!

װעל איך אײנזאַפּן די טראָפּנס פֿון אַלע רעגנס –
און אויפֿעסן די שטויבן פֿון אַלע װעגן!
און מיט אַלע קװאַלן און מיט אַלע טײַכן –
װעל איך – ביז צום אָװנט – צו אַלע ימים דערגרײַכן!...

און ביז די נאַכט, אָ! ביז די נאַכט װעט קומען –
און טריקן װעט װערן דער טראָפּן אויף מײַן גומען,
און טריקן װעט װערן דאָס לעבן אין מײַן ברוסט,
װי די מילך אין אַ דאַרער, פֿאַרטריקנטער ברוסט
פֿון אַן אַלטער, אַ קראַנקער, פֿאַרװיאַנעטער פֿרוי – –

װעל איך נאָך באַװײַזן צו לעבן אַזוי:

איך זאָל קענען אַמאָל נאָך, אין מײַן לעצטער מינוט,
אַ װײַן טון צום לעבן מיט דעם רעשט פֿון מײַן בלוט,
און אַ זאָג טון, אָן װערטער – דורך אַ רויטן געװײַן:

אָ, לעבן מײַנס! דו ביזט געװעזן – שײן!

# עמיץ...

עמיץ —
האָט היינט באַנאַכט געשוואַרצט אין מיר די גרינע גרעניץ,
וואָס נאָר אַ חלום האָט אַמאָל געוואַגט באַנאַכט צו שוואַרצן.
ווייל נאָר דער חלום קען די גרינע וועגן פון מיין האַרצן —
ווייל נאָר אַ חלום האָט דאָס האַרץ מיינס אויסגעטראַכט.

עמיץ —
האָט היינט בייטאָג דאָס האַרץ מיינס ביטער אויסגעלאַכט,
ווייל איך האָב פאַרגעסן עס באַצייטנס אויסצולעשן.
און עס האָט געברענט פאַרשעמט אַ גאַנצן, גרויען טאָג —
ווי אַ גאַסן־לאָמפּ, וואָס ברענט בייטאָג —
און מ'האָט פאַרגעסן אים באַצייטנס אויסצולעשן!...

עמיץ —
האָט היינט בייטאָג געפּרוווט דאָס האַרץ מיינס צו פאַרלעשן,
וואָס נאָר אַ חלום האָט עס ליכטיק אָנגעצונדן!
און נאָר אַ חלום וועט עס זיכער נישט פאַרגעסן
אינאיינעם מיט מיין חלום — אויסצולעשן!...

# אין ווײַנע אדערן...

אין מיינע אָדערן פליסט היינט מער בענקשאַפט —
ווי בלוט!
פון אונטער די ברייטע ראַנדן פון מיין הוט —
קוקן אַפיר אַפאָר ליידיקע אויגן:
ערגעץ־ווו זענען די בליקן פון זיי אַרויסגעפלויגן,
ווי די פייגל צעשראָקענע אין אַ קילן פרי־האַרבסט!...

אַפילו דאָס קליינע, דאָס אָרעמע האַרץ מיינס —
וויינט שוין נישט מער אין מיין ברוסט!
אין אַ זומער־נאַכט, אין אַ בלאָען טרוים —
איז עס אַנטלאָפן פון מיר — צו אַ בוים!...

מיינס איז בלויז —
דאָס בינטל פלייש און אַ זעקל ביינער!

אָ, פריינט מיינער!
דו וואָלסט מיך שוין היינט נישט דערקענט!

אַפילו מיינע מידע, מיינע איבעריקע הענט —
געהערן שוין מער נישט צו מיר:
ערגעץ־ווען — אין צער פון אַ ליד —
האָב איך זיי אַוועקגעשאָנקען אַ יונגן אינוואַליד!

אפשר וועט אים אַזוינאָך זיין גורל ווערן גרינגער!
אפשר וועט ער שטילן מיט זיי, אויב נישט דעם הונגער,
זאָל זיין כאָטש – זיין וויסט, זיין צעבראָכן געמיט!...

נאָר מיינע פיס האָב איך קיינעם נישט געוואָלט פאַרקויפן:
אפשר וועל איך פאָרט נאָך פרוון ערגעץ-ווו מיט זיי
אַנטלויפן?!...

# אוניווערז

עמיץ האָט מיך אַריינגעוואָרפן אין אוניווערז,
ווי מ׳וואַרפט אַריין אין ים — אַ שטיין!
ווי מ׳וואַרפט אַריין אַ גרודקעלע ערד —
אין אַ טיפן, אַן אַלטן ברונעם אַריין!...

עמיץ וועט מיך אַרויסנעמען פון אוניווערז,
ווי מ׳נעמט אַרויס פון אויג — אַ מילב!
ווי מ׳נעמט אַרויס אַן איבעריקע זילב —
פון אַ שיינעם, אַ גרויסן, האַרמאָנישן פערז!...

דערווייל אָבער שטיי איך אינם גרויסן סוד —
איינער אַליין — ווי דו, אַ גאָט!
נאָר אָן דיין געטלעכן כּח דערצו —
און אָן דיין טיפער און געטלעכער רו!...

# ביימער

ווי אַ פרומע פּראָצעסיע, וואָס וואַרט אויף אַ נס:
שטייען ביימער אין וואַלד – שטיל און געפּרעסט
און וואַרטן! – –
און גלאָצן פאַרגאַפטע, פאַרבליפטע, פאַרשטאַרטע –
און לוישן! – –
און האָרכן זיך איין אין זייער אייגענעם רוישן,
גלייך זיי וואָלטן געוווסט –
אַז זייער וואַרטן איז נישט אומזיסט!
גלייך זיי וואָלטן פאַרשטאַנען –
אַז עמיץ, וואָס האָט זיי צוגעזאָגט צו קומען,
וועט קומען –
און וועט זיי אָוועקנעמען פון דאַנען!...

זענען זיי מקנא דערהייל –
דעם הירש, וואָס לויפט אַדורך דעם וואַלד אין געאייל.
זענען זיי מקנא דערווייל –
דעם פויגל, וואָס שניידט אַדורך די לופט, ווי אַ פייל.
זענען זיי מקנא דעם האָז –
וואָס שפּרינגט און היפּקעט פלינק צווישן גראָז.
זענען זיי מקנא דעם מענטש –
וואָס איז מיט צוויי געזונטע פיס געבענטשט.
זענען זיי מקנא אפילו דעם וואָרם –

וואָס קריכט און פויזעט אַרום אויפֿן בויך.
און זיי זעגען מקנא אפילו דעם רויך —
וואָס קנוילט זיך און ווערט צונישט אין דער הויך!...

נאָר, זיי, נאָר זיי, איז אַזוי שוין באַשערט —
צוגעוואָרצלט צו זיין צו דער ערד!
און קיינמאָל נישט זיצן! און קיינמאָל נישט
ליגן, און קיינמאָל נישט גיין — —
נאָר שטיין!...

און קיינמאָל נישט קענען פון דאַנען — אַוועק!
און קיינמאָל נישט וויסן דעם טעם פון — אַ וועג!...

און קיינמאָל נישט פילן דעם טעם און דעם זין —
פון אַ זשוק אויף דער ערד! פון אַ פריידיקער בין,
וואָס פליט און פליט, און זשומט און ז־זומט —
פון גליק צו גליק — פון בלום צו בלום!...

און קיינמאָל נישט וויסן דעם טעם און דעם חן
פון וואַנדער אויף ערד! פון גיין און גיין — —
איבער בארג, איבער טאָל, איבער לאַן איבער פליין,
איבער פעלד, איבער וועלט — וועג אויס, וועג איין!...

און קיינמאָל נישט פילן דעם טעם און דעם זין —
פון גיין און גיין — און נישט וויסן וואַהין?!...

# בײַ פולער לבנה...

...וועל איך אויפשטיין אַמאָל,
אין שלאָף פון אַ נאַכט,
שטיל, ווי אַ לאַם — —
און וועל אַרויסגיין פון מיר!
און פון מײַנע טויזנט לידער!
און פון מײַנע אָבער־טויזנט ווערטער!...

און איינער אַליין — בײַ פולער לבנה:
וועל איך מײַן גוף אין שוואַרצן אַקער פאַרפלאַנצן!
מײַנע הענט לאַנג און דאַר, ווי צווײַגן דערהייבן!
און וועל שטאַרן — —
און וועל וואַקסן — —
און וועל אויפגיין צו לבנה־שײַן:
אַ פאַרכישופטער בוים —
אויף זילבער־באַגאָסענע פעלדער!...

# אין אַ זעלטענער שעה...

אין אַ שטילער, אַ זעלטענער שעה —
ווען אַלץ אַרום איז נאָך פּאָרכטיק און בלאָ:

שאַר איך אַרויס זיך פון מיר און פון וועלט —
צו דער ברוינער טאָפּאָליע, אַליין, אויף אַ פעלד!

און ווי די טאָפּאָליע, אַליין, קעגן ווינט:
האַרט, ווי אַ שטאַם און ווייך, ווי אַ קינד —
פלאַנץ איך אין דר׳ערד זיך אַריין, ווי אַ בוים!

און ווי די טאָפּאָליע, אַליין, קעגן רוים —
צווייגן זיך הענט מיינע! וואָרצלען זיך פיס!
בוימט זיך מיין גוף אין פאַרכישופטן קרייז!

און גלייך, ווי אַמאָל, דער פערעקשנטער חוני —
שרייט אויף, דורך מיין בלוט, אַן אַלטער גייסט:
„ל א  א ז ו ז  מ מ ק ו מ י!"...

# אין אַ זומער־טאָג...

וועל איך אַ שפּרונג טון אַמאָל אין אַ זומער־טאָג —
אַ לײַ, אַן אַלטער — אויפן רוקן פון אַ באָק!
און משוגע פאַר היץ און שיכור פאַר גליק —
וועל איך אַ רייט טון מיט הונדערטער יאָרן צוריק!...

וועל איך אַרויפקריכן הויך אויפן שפּיץ פון אַ באַרג,
און זיך אויפזעצן רייטן אויף זיין ריזיקן קאַרק!
און אַ וואָי טון אַרויף — אַ וואָלף צו לבנה! —
און ווערן אַ גזלן — צווישן וואַלד־גזלנים!...

וועל איך אַ שפּרונג טון אַמאָל אין אַ זומער־טאָג —
אַן אַלטער סאַטיר אויפן רוקן פון אַ באָק!
און משוגע פאַר היץ און שיכור פאַר גליק —
וועל איך אַ רייט טון מיט טויזנטער יאָרן צוריק!

וועל איך אַ לויף טון אַמאָל אין אַ דזשונגלישן וואַלד:
אַ פרעמדע, אַ ווייטע, מיטאָלאָגישע געשטאַלט!
אַ נאַקעטער צופאַלן צו אַ שטאַם פון אַ בוים,
און אַרומנעמען אים, ווי אַ נאַקעטער פרוי — —
און זיך באַהעפטן מיט אים — אַ בוים צווישן ביימער!
מיט וואָרצלען — אָנשטאָט מיט פיס און מיט ביינער!
און אָנשטאָט מיט הענט — אַ פלעכט מיט צווייגן!

און אָנשטאָט אַ האַרץ מיט טרוימען קליינע —
אַ נעסט מיט פייגל!...

און אָנשטאָט אַ הימן מיט שבחים הויכע —
וועל איך צופאַלן צו אים מיט די לעצטע כוחות,
וועל איך צופאַלן צו אים — אַן אַלטער ציגיינער,
און ווי אַ ציגיינער אים זינגען אַזוי:

בוים! בוים!
נאַדיר מיינע פיס —
און גיב מיר דיינע וואָרצלען!

בוים! בוים!
נאַדיר מיינע הענט —
און גיב מיר דיינע צווייגן!

בוים! בוים!
נאַדיר מיינע רייד —
און גיב מיר דיין שווייגן!...

# ווער ווייסט?...

I

ווער ווייסט? —
אפשר בין איך גאָר דער עכאָ פון אַן אַלטן גייסט!
וואָס קומט צושווימען אָפּטמאָל אין געשטאַלט —
פון אַ טייך, פון אַ באַרג, פון אַן אַלטן וואַלד?!
וואָס קומט צושווימען פון פרעמד, פון אַ ווייט,
פון אונטער דער סאַמע אייביקייט — —
וואָס קומט צושווימען און שווימט באַלד אַוועק,
און לאָזט נאָך זיך איבער אַן אומרו און שרעק
פאַר אַליינזיין —
פאַר איינזאַם —
און — טויט!
און פאַר עפּעס, פאַר עפּעס אַזוינס —
וואָס איז אַלט און איז קאַלט און איז טיף און איז גרויס!
און שמעקט מיט ווייט, און מיט פרעמד, מיט „אַמאָל"
און מיט גליק —
און שמעקט מיט הונדערט־טויזנט יאָר צוריק!...

ווער ווייסט?
אפשר בין איך גאָר דער אָפּרוף פון אַן אַלטן גייסט,
וואָס רופט מיך אָפּטמאָל — נישט גאָר פאַראויס —

נאָר דווקא און גראָד אויף צוריק:
צו עפּעס אַזאַ ווייטן, פאַרלוירענעם גליק!
צו עפּעס אַזאַ לאַנגער, פאַרגאַנגענער פרייד!
פון אַן אַלטער, אַ ווייטער, פאַרצייטיקער צייט —
וואָס פלאַטערט נאָך היינט אַרום אין דער לופט,
און צאַפּלט נאָך אויף אַמאָל אין מיין גוף,
ווי עס צאַפּלט אָפּט אויף אין חלום — אַ קינד,
וואָס חלומט דעם חלום פון אייביקער נאַכט —
פון מאַמע־מילך און פון מאַמע־טראַכט,
און פון אַלץ דאָס נאַכטישע, וואָס קרייזט
פון מאַמע־בלוט — ביז מענטש און גייסט?!...
ווער ווייסט? — —

II

און אפשר בין איך גראָד געקומען אויף דער וועלט
אין גאָר אַן אַנדערער געשטאַלט?
אַ בוים, למשל, פאַר אַ מענטש פאַרשטעלט —
אַ בוים פון ערגעץ אַזאַ טיפן, אור־אַלטן וואַלד?!
און ס'בענקט מיין בוימיש האַרץ דאָס בענקעניש צוריק
צו חיה־ברום, צו בלעטער־רויש, צו אור־געוויקס?! — —
און ס'בענקט מיין בוימיש האַרץ דאָס בענקעניש צוריק
צום ווייטן, פאַרלוירענעם, בוימישן גליק —
פון זיין מיט הונדערט־טויזנט יאָר צוריק?!...

ווער ווייסט —
אפשר בין איך גאָר פון בוים — דער אַלטער גייסט?

און אפשר בין איך גראָד געקומען אויף דער וועלט
אין גאָר אַן אַנדערער געשטאַלט?

אַ וואָלף, למשל. פאַר אַ מענטש פאַרשטעלט —
אַ וואָלף פון ערגעץ אַזאַ קאַלטן, אור־אַלטן וואַלד ? !
און ס׳בענקט מיין וואָלפּיש האַרץ דאָס בענקעניש צוריק :
אַ וואָי צו טון פון הונגער און פון גליק !
אַ וואָי צו טון אין טיפער, קאַלטער נאַכט אריין !
אַ קריץ צו טון מיט וואָלפּיש־שאַרפע ציין —
און אָפּצוגעבן ס׳לעבן וואָלפּישע פאַר אַ בלויזן ביין,
וואָס אויסגעקעמפּט איך האָב — מיט בלאַנקע, שאַרפע ציין ? . . .

ווער ווייסט —
אפשר בין איך גאָר פון וואָלף — דער אַלטער גייסט ? . . .

און אפשר, אפשר, בין איך גראָד געקומען אויף דער וועלט
און גאָר אַן אַנדערער געשטאַלט ?
אַ מילב, למשל, פאַר אַ מענטש פאַרשטעלט —
אַ מילב, וואָס איז אַ מענטש געוואָרן מיט געוואַלט !
(ווי אַ מענטש אַזוי קליין — ווי אַ מענטש אַזוי גרויס !)
און ס׳בענקט מיין מילביש האַרץ און וויל אַרויס —
פון מענטש אַרויס !
פון גוף אַרויס ! — —
און ס׳בענקט מיין מילביש האַרץ דאָס בענקעניש צוריק
צו זיין אַ מיק !
אַזוי יינג —
אַזוי גרינג —
ווי אַ פלאַטערל אין ווינט !

און אפשר בין איך גראָד פון מילב — דער אַלטער גייסט ? !
ווער ווייסט ? — —

# פאַרוואָס?...

פאַרוואָס האָב איך אַזוי טרויעריק ליב דאָס לעבן?
און טרויעריקער אַסך טרויעריקער — די מענטשן?
און פאַרוואָס, אָ, פאַרוואָס — וואָלט איך דעם לעבן
אַלץ אַוועקגעגעבן —
אַפילו — דאָס אייגענע לעבן?!...

פאַרוואָס קאָן דער פויגל, דער וואָלף און דער בוים —
און פאַרוואָס קאָן דער ים און דער באַרג און דער שטיין:
אַזוי שטאָלץ זיין און איינזאַם און טרויעריק און... שיין!
און פאַרוואָס, אָ, פאַרוואָס קאָן אַ בלינדע, אַ פשוטע מויער,
אַזוי טיף און שטאַרק געניסן דעם טרויער — —
ווען מענטשן, נאָר מענטשן,
גייען אום —
טראָגן אום —
פאַראומערט אַזוי, און פאַרזויערט,
די זעקעלעך צוויי מיט טרויער:

און זיי ווילן זיך פייניקן —
און קענען נישט!
און זיי ווילן זיך שטייניקן —
און קענען נישט!

און זיי ווילן פאַרדאַרבן —
און קענען נישט!
און זיי ווילן אַפילו שטאַרבן —
און זיי קענען נישט!...

און איך, נאָר איך — איינער אַליין:
פאַרוואָס ווילט זיך מיר גראָד דעמאָלט אַזוי
זיין און זיין! —
שטיל אַזוי —
פאָרכטיק —
און קליין! — —

און גאָרנישט באַגרייפן! און גאָרנישט פאַרשטיין!
נאָר זיין! נאָר פשוט און איינפאַך זיין! —
ווי עס איז דער שטיין!
ווי עס איז דער באַרג און דער ים און —
ווי עס איז די בלום:
שיין אַזוי —
פאָרכטיק —
און שטום! — —

און גאָרנישט נישט פילן! און גאָרנישט נישט טון!
און גאָרנישט נישט דענקען — —
נאָר בענקען! —
נאָר פשוט אַזוי, און טויזנטיעריק בענקען:

ווי עס בענקט די ערד אונטער שטיין און אַספאַלט,
אַז ס'זאָל אויף איר וואַקסן צוריק — אַ וואַלד!

ווי עס בענקט אַ בוים — צווישן שטאָק און שטיין —
וואָס קאָן שוין נישט טרעפן אין וואַלד אַריין!...

ווי עס בענקט ביים זייט פון אַ וועג — דער שטיין,
ער זאָל זיך נאָך אויפהייבן און קענען — גיין!...

און —

ווי עס בענקט צו דער ערד צוריק — די זון,
ווען נאַכט און שאָטן פאַרשטעלן איר פּנים!

ווי עס בענקט דער הימל נאָך דער לבנה,
ווען אַלע שטערן זענען שוין דאָ —
און די נאַכט איז דאָ —
נאָר זי — די לבנה — איז נאָך אַלץ נישטאָ!...

# איך וועל זיך נישט שעמען...

I

איך וועל זיך נישט שעמען און זיך אויסדריקן קלאָר:
איך בענק נאָך אַ שענערער, אַנדערער וואָר!

איך בענק נאָך בכלל, ווי אַ יינגל — און נישט
ווי עס פּאַסט פאַר אַ מענטש אין די דרייסיקער יאָר!...

איך בענק נאָך אַזוינס, וואָס איז דאָ און נישטאָ:
איך בענק, לאָמיר זאָגן — נאָך דער דרייצנטער שעה!

אָדער צום ביישפּיל — נאָך דעם „גאָלדענעם לאַנד״!
יאָ, נאָך דעם „קינדישן״, „נאַרישן״, גאָלדענעם לאַנד!

דאָס גאָלד איז דאָך דאָ, און דאָס לאַנד איז דאָ —
נאָר דאָס „גאָלדענע לאַנד״ — איז נישטאָ און נישטאָ!...

דאָס גאָלדענע לאַנד — און די גאָלדענע וויג —
און דער גאָלדענער באַרג — און בכלל... דאָס גליק!...

און איך וועל זיך נישט שעמען און זיך מודה זיין:
ס'איז מיר נמאס געוואָרן שוין מענטש צו זיין!...

ווייל איך ענדיק זיך דאָרט, ווו ס׳הייבט זיך אָן —
דער בוים און דאָס גראָז, די בלום און דער מאָן!

ווייל איך ענדיק זיך דאָרט, ווו ס׳הייבט זיך אָן -
דער שעפּס און די ציג, דער פויגל, דער האָן!...

ווייל איך ענדיק זיך דאָרט, ווו ס׳הייבט זיך אָן —
ווו ס׳הייבט זיך אייגענטלעך — לעבן אָן!...

אַ לעבן אָן דענקען — נאָר פילן דעם זין,
אַזויווי ס׳פילט אים — דער זשוק און די בין!

אַ לעבן אָן דענקען — נאָר פילן דאָס זיין,
אַזוי ווי ס׳פילט אים — דער באַרג און דער שטיין!

אַזוי ווי ס׳פילט אים — דער זין פונם זיין:
דער קראָט אין דער ערד, דער וואָרם אין כריין!...

II

און אויב שוין דענקען איז מיר דאָ באַשערט —
זאָל זיין כאָטש אַזוי ווי עס דענקט די ערד:

אין לאַנען, אין פליינען, אין בלומען און גראָזן,
אין וועוריקלעך פלינקע, און צעשראָקענע האָזן,
וואָס שפּרינגען און הוצקען און פרווון און ווילן
און קענען זיך קיינמאָל אַליין נישט דערגרייכן!...

אין בערג און אין טאָלן, אין ימים און טייכן,
אין פרות אין סעדער, אין זאַנגען אויף פעלדער,
אין ביימער, וואָס קומען צונויף זיך אין וועלדער!

אין שטילע פאַרנאַכטן, אין בלויע פאַרטאָגן,
אין ווינטעלעך יונגע, וואָס יאָגן און יאָגן —
און קענען נישט קיינמאָל דעם שטורעם דעריאָגן!...

און הינטעלעך קליינע, וואָס בילן און בילן —
און ווייסן נישט קיינמאָל, וואָס זיי ווילן!...

און אויב שוין דענקען איז מיר דאָ באַשערט —
זאָל זיין כאָטש אַזוי, ווי עס דענקט די ערד:

ווי יעדעס סטעזשקעלע, וואָס לויפט אין אלכסון,
און נישטערט, און זוכט, און וויל נאָך באַווייזן —
ביז מאָרגן, מסתמא — צון אַ טראַקט אויסצוּוואַקסן!...

ווי יעדעס ריטשקעלע, וואָס רייסט זיך פון קוואַל אָפּ,
און שלענגלט דורך גראָזן, דורך זאַמדן, דורך סטעפּעס,
און פלוידערט און פלאַפלט און מיינט, אַז ס׳זאָגט עפּעס —
און וויל נאָך באַווייזן — ביז אָוונט אַוודאי — צו טייכן דערגרייכן!...

ווי יעדעס קוסטעלע, וואָס איז מקנא דעם בוים!
ווי יעדעס גרעזעלע, וואָס קאָן זיך דערלאַנגען קוים,
ווי יעדעס פייגעלע, — פליגעלע, — קועלע, — פערד:

א י ז  אַ  ג ע ד אַ נ ק  פ ו ן  ד ע ר  ע ר ד!...

# די וועלט

דער יידישער דיכטער גראַמט זי מיט געלט —
דער העברעאישער — אַלץ נאָך מיט יעקבס געצעלט!

דער קרעמער האָט זי פאַר גראָשנס געקויפט —
און פאַר גראָשנס ריווח צוריק פאַרקויפט!

פאַר ווענען אַ ברונעם — פאַר ווענען אַ ים:
אַ שפּיי־קעסטל איז זי בלויז פאַרן כאַם!

מיין טאַטע זעט זי נאָך אַלץ אינם קץ —
פאַר מיין ברודערל איז זי — אַ גרויסער מענטש!

מיין שוועסטערל קאָן זי בלויז פון אַ קינאָ —
מיין מאַמע לייענט זי נאָך אַלץ פון אַ תחינה.

פאַר איינעם צו קליין — פאַר איינעם צו גרויס:
דער שווינדזיכטיקער שפּייט זי אין שפּייקעסטל אויס!...
— — — — — — — — — — — —

*

— — — און דו, מיין קליינע, מײַן גרויסע פרייד!
וואָס האָסט זיך נאָך אַלץ נישט פון חלום אַנטווײַנט.

און קלעטערסט נאָך אַלץ צו דער וועלט, אין דיין טרוים,
ווי צום שפּיץ פון אַ באַרג — אַ פאַרכישופטער בוים:

דו וועסט שוין נישט נאָכגיין נאָך מיר, ווי אַ וואַלד,
און וועסט שוין נישט אויסגיין נאָך מיר, ווי אַ טייך,
און אַריינפאַלן אין מיר — ווי אַ קוואַל אין אַ ים!...

דו וועסט שוין נישט אויפגיין אין מיר מן הסתם,
ווי אַ קווייט, ווי אַ בלום, אָדער סתם, ווי אַ גראָז —
וואָס וואַקסט און וואַקסט און ווייסט אַליין נישט פאַרוואָס?...

און דו וועסט מסתמא נישט זיין אויך דערביי —
ווען אַ צייט — ווען אַ צייט —
ווען אַ שטיל־ווייסע צייט —
וועט איינהילן מיך, ווי דעם בוים — אַ שניי:

און די וועלט, און די וועלט, אַזוי קליין, אַזוי קליין —
אַז ס'קאָן אַזש דער מענטש אין איר נישט אַריין!

און די וועלט, און די וועלט, אַזוי גרויס, אַזוי גרויס —
אַז ס'קאָן אַזש דער מענטש פון איר נישט אַרויס!

און די וועלט, און די וועלט, אַזוי מיאוס, אַזוי שיין —
אַזש ס'ווילט זיך אַ וויין טון דאָס גרויסע געוויין:

וואָס דער וואַלד, און דער באַרג, און אַ גראָז, און אַ שטיין —
נאָר דער מענטש, נאָר דער מענטש קאָן גליקלעך נישט זיין!

וואָס דער ים, און דער קוואַל, און דער בוים און די קווייט —
נאָר דער מענטש, נאָר דער מענטש קאָן נישט טראָגן זיין פרייד,

ווי דער הימל — די זון! ווי דער ים טראָגט די שיף:
אָט, דאַכט זיך, פון אויבן — און דאָך אַזוי טיף!..

ווי די ערד טראָגט דעם בוים און די בלום און דאָס גראָז,
װאָס װאַקסט און װאַקסט און ווייסט אַליין נישט פאַרוואָס?...

# די פרוי

(סאָ...)

אַזוי, אַזוי —
ס׳קומט די פרוי און ס׳גייט אַוועק די פרוי!
און דו בלייבסט ווידער מיט זיך אַליין,
ווי אויף אַ ברייטן, אַ ליידיקן פּליין —
אַן איינזאַמער בוים!
וואָס וואַרט און דערוועגט זיך צו האָפן קוים:
אַ פויגל זאָל קומען צו פליען פון ווייט —
אַ פויגל זאָל קומען צו היפּקען מיט פרייד,
זיך בויען אַ נעסט, און לערנען מיט פלייס
די קליינע מאַכן אַרום אים אַ קרייז:
רונדאַרום — רונדאַרום —
רונדאַרום — רונדאַרום —
פויגליש־צעצוויטשערט, — גליקלעך און שטום!...
אָט אַזוי, אָט אַזוי —
ווי ס׳מאַכט עס געוויינלעך — אַ גליקלעכע פרוי,
וואָס קומט אָן צו גיין — פון אַ ווייטער פרעמד,
און לערנט זיך, לערנט — גליקלעך־פאַרשעמט
צו מאַכן דעם ערשטן קרייז אַרום דיר —
צו מאַכן דעם צווייטן קרייז אַרום דיר —
רונדאַרום — רונדאַרום —
רונדאַרום — רונדאַרום —
מיידליש־צעצאַפּלט, — גליקלעך און שטום!...

אַזוי, אַזוי —
ס׳קומט די פרוי און ס׳גייט אַוועק די פרוי!
און דו בלייבסט ווידער אַליין, מיט זיך —
און מיט דיין אייביקן, גלאַנציקן פליך,
ווי מיט אַ מדבר אויף סאַמע שפּיץ קאָפּ!
כאָטש נעם און האַק דיר איינגאַנצן אים אָפּ,
און בלייב מיט אַ האַרץ, אַליין, אָן אַ קאָפּ.
אַליין, ווי אַ ווינטמיל — מיט די פליגלען אַראָפּ,
מיט די הילצערנע פליגלען, וואָס קענען נישט פליען,
און וואַרטן — אַ ווינט זאָל זיי קומען באַמיען,
און וואַרטן — אַ שטורם זאָל אַ קום טון אויף זיי,
און זאָל מיט זיי טון אַזאַ סקריפּ און אַ דריי —
אַז ס׳זאָל זיך זיי דאַכטן: זיי פליען אַרויף!
כאָטש זיי וועלן זיך דרייען אַרום דער אייגענער שרויף,
כאָטש זיי וועלן זיך דרייען אַרום דער אייגענער אַקס:
רונדאַרום, רונדאַרום — ווי אַ קאַץ אין אַ זאַק!...

אַזוי, אַזוי —
ס׳קומט די פרוי, און ס׳גייט אַוועק די פרוי!
און אָט בלייבסטו ווידער אַליין, ווי אַ תם. — —
און כאָטש דו ביסט אָפּטמאָל צעבראָיזט, ווי אַ ים,
און ווי ים — אַזוי גרויס! און ווי ים — אַזוי טיף:
קוקסטו פאָרט נאָך אַרויס אין דער וויַט, אויף אַ שיף,
וואָס זאָל קומען צושווימען אויף דיין אויבערפלאַך —
און ברענגען מיט זיך — אַ פלאַטער, אַ לאַך!
און ברענגען מיט זיך אַ מענטשלעך געצאַפּל
און יענץ באַרוישנדע, שטילע געפּלאַפּל —
וואָס שמעקט מיט פרוי מיט לייב, מיט אַמאָל און מיט גליק —
און שמעקט — מיט הונדערט־טויזנט יאָר צוריק!...

# און אַט איז ווידער האַרבסט..

און אָט איז ווידער האַרבסט! און ווידער —
וועלן דיכטער זינגען טרויעריקע לידער!

און ווידער וועלן הימלען הענגען פינסטער און בייז
איבער קעפּ, איבער הייזער — ווי אַ געשלאָסענער קרייז.

און ווידער וועלן מענטשן שטאָקן פרעמד און פאַרזיגלט,
ווי פייער־קאַסעס — פאַרהאַקט און פאַריגלט.

און פרויען וועלן אומגיין פאַרלאָשן און קאַלט —
באַרעכנט און פאַלש און טויזנט יאָרן שוין אַלט.

און ווידער וועלן קינדער קליינע, אַנעמיש און בלייך —
קרענקען אויף וואַלד, אויף באַרג און אויף טייך,

אויף פעלד־בלומען רויטע און אויף גרינעם גראָז —
און וויינען און נודיען און נישט וויסן פאַרוואָס

און זקנים סקלעראָזע וועלן ליגן באַנאַנד,
מיט פּנימער אויסגעדרייט צו דער וואַנט — —

און שפּייען און כראַקען און דזיאַמדזיען אָן צײַן
און שעלטן אויף וואָס די וועלט שטייט און גייט!...

און ווידער וועלן קראַנקע אויף שווינדזוכט
שפּייען מיט בלוט —
און ווערן פּאָעטן אין דער לעצטער מינוט. — —

און שטאַרבן אין חלום — ליכטיק און גרויס,
ווי דאָס לעבן זייערס, וואָס עמיצער גיסט
עס איצטער אוודאי פון אַ שפּיי־קעסטל אויס!...

— — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —

און אָט איז ווידער האַרבסט: און ווידער —
וועלן דיכטער זינגען טרויעריקע לידער!

און ווידער וועט זיין דאָסזעלבע, וואָס תמיד —
און ווידער וועט נאָגן און נאָגן דער אומעט!

און טרויעריק וועט זיין דאָס לעבן און שיין —
און קיינמאָל נישט אויפהערן גיין און פאַרגיין!...

# דער טויט

ער וועט קומען מסתמא פונקט אינדערמיט:
אינמיטן שרייבן דאָס שענסטע ליד!
אינמיטן לייענען דאָס בעסטע בוך!
אינמיטן פאַרזוכן די זאַפטיקסטע פרוכט —
ווען זיין איך וועל אמווייניקסטן גרייט!...

ער וועט קומען אינמיטן דער שענסטער פרייד!
אינמיטן פון עפּעס אַ ווונדערלעך גליק!
אינמיטן פון עפּעס אַ גרויס געזאַנג —
אויף וועלכן איך האָב אַ לעבן־לאַנג
זיך פּשוט די אויגן אויסגעקוקט!...

ער וועט קומען און וועט אַ זאָג טון:
ג ע נ ו ג !!

# בלאָע וועלטער

(נ. קיטאַי)

מעגלעך, איך בין היינט צופיל „סענטימענטאַל" געשטימט!
אָבער גראָד אַצינד —
האָב איך פּלוצים און אָן אַ פאַרוואָס זיך דערמאַנט,
אַז שוין גאַנצע צוואַנציק יאָר נאָכאַנאַנד —
ווי איך בין, אָבער טאַקע לחלוטין, נישט געווען מער
קיין קינד!...

טאָ וווּשע איז אַהינגעקומען מיין קינדיש געמיט?

איז דאָך אַפילו דער בוים אַמאָל געווען בלויז — צווייג!
איז דאָך אַפילו דער ים אַמאָל געווען בלויז — קוואַל!
די זון — אַ שטראַל!
און די ערד, די ערד — אַ פונקט, אַ פינטל בלויז! — —

נאָר איך, נאָר איך — בין באַלד געווען „גרויס",
און אַלט און „קלוג", און אָן אַ שיעור געניט,
און מיד — —
ווי אַ פלאַנץ!...
ווי אַ טרויעריק־פאַרצאָגטע פלאַנץ, —
וואָס מ'האָט פאַרגעסן צו באַגיסן!

טאָ, וואָס איז דאָ דער חידוש, אָ, איר מיינע ווינציקע פריינט!
וואָס איך בין אַזוי האַרט און האַרב און ביטער היינט!
און קיינער, קיינער, קאָן מיך היינט נישט מער געניסן.
און קיינער שוין נישט שוינען –
און קיינער, קיינער וויל אין מיר שוין היינט נישט וווינען
ווי אין אַ הויז –
אַ מאָדנע, מאָדנע הויז:
אָן פענסטער – אָן טירן. – –
וואָס נישט זיי פירן
דיך אַריין –
און נישט זיי פירן דיך אַרויס!...

*

אָ, צוואָס, נאָכוואָס בין איך געוואָרן „גרויס״?
(גרעסער, אַסך גרעסער נאָך פון זיך אַליין!)
און נישט געבליבן ערגעץ-ווען, אינמיטן וואַקסן שטיין:
אַ גרעזל ערגעץ – אויף אַ גרינעם, זוניקן פליין!
אַ ביימל ערגעץ – אין אַ טיפן, אור-אַלטן וואַלד!...

און נישט אַזוי-אָ גרויס! און מיד! און אַלט!..
און נישט זיך צו צעוואַקסן אין אַ ווילדן, פרעמדן מענטש,
וואָס האָט אינגאַנצן מיך, דאָס קינד אין מיר, דאָס ביימל,
דאָס בלימל, און דאָס גרעזעלע פאַרשטעלט – –
און וואָס איז גיכער ענלעך צו אַלץ אויף דער וועלט,
באָר נישט צו מיר!..

*

אָט למשל זיץ איך גראָד ביים דאָזיקן פּאַפּיר,
און שרייב און שרייב די בלאָע ווערטער אָן

מיט בלאָער טינט —
און גלייב, און גלייב און גלייב נאָך פאָרט
אין בלאָען, בלאָען, בלאָען וואָרט —
וואָס קאָן, וואָס וועט נאָך „רירן ווענס אַ שטיין!..״

נו, טאַ זאָגט — זאָגט איר אַליין:
צו בין איך נישט קיין קינד?;..

אָדער טאַקע נעמט, למשל, אָט די וועלט!
אָט טאַקע די, וואָס האָט זיך היינט קאַפּויער געשטעלט,
און אָפּגעווענדט פון מענטש, פון לעבן גאָר דאָס פּנים —
געחברט זיך מיט טויט, מיט טויטן-גרעבער און גזלנים!
און אויסגעלאָשן זון, און שטערן, און אַפילו די לבנה —
און אָנגעצונדן בלויז אַ גרויס און העליש פייער! — —

נו, ווי וועלט איז אייך ליב, און מענטש איז אייך טייער:

צי בין איך נישט אַ גרויס און „נאַריש״ קינד —
וואָס איך שרייב און שרייב נאָך היינט, אַצינד,
אַז כ׳גלייב און גלייב און האָף נאָך פאָרט,
זיי אויסצוליייזן מיט אַ בלאָען, בלאָען, וואָרט —
און זאָל אַפילו זיין בפירוש מיט אַ — רויטס!!..

*

אָ, צוואָס, נאָכוואָס בין איך געוואָרן גרויס?
(גרעסער, אַסך גרעסער נאָך פון זיך אַליין?)
און נישט געבליבן ערגעץ-ווו אינמיטן וואַקסן שטיין:
אַ ווערבע ביי אַ ברעג פון שטענדיקע טייכן!
אַ קוסט, וואָס וואַקסט און וואַקסט און —
קאָן זיך קיינמאָל נישט דערגרייכן!..

אָדער —
אַזאַ קליינער, פלינקער האָז,
צווישן הויכן, הויכן גראָז —
וואָס לויפט, אַנטלויפט אַצינד אַוודאי:
איינער —
אַזאַ קליינער — —
פאַר אַ גאַנצער, ווילדער סטאַדע
גרויסע, בילנדיקע הינט!...
— — — — — — — —

*

מיין גאָט! געווען באַדאַרפט פאַרבלייבן נאָך אַ קינד!
געווען באַדאַרפט פאַרבלייבן ערגעץ-ווען אינמיטן וואַקסן שטיין:
אומבאַהאָלפן —
אומשולדיק —
ריין! —
און קליין:

אַ גרעזל ערגעץ — אויף אַ גרינעם, זוניקן פליין!
אַ בלימל ערגעץ — אויף אַ ברייטן, ליכטיקן פעלד!

און נישט אַ מענטש! אַ מענטש!!
אַזאַ קליינער, פרעמדער מענטש —
אין אַזאַ מין גרויסער, פרעמדער וועלט!...

# איך בין בײַז...

I

איך בין בייז:
אויף דעם, וואָס איך ווייס נישט און אויף דעם, וואָס איך ווייס!
אויף דעם, וואָס דאַרף קומען, און אויף דעם,
וואָס ס'איז דאָ —
און אויף דעם, וואָס דאַרף קומען און ס'איז נאָך נישטאָ!...
אויף נעכטן, וואָס וועט שוין נישט ווערן — הײַנט!
אויף מאָרגן, וואָס שוין מאָרגן — וועט ער ווערן הײַנט!
און אויף הײַנט, וואָס איז דאָ, וואָס איז ענדלעך דאָ —
און וואָס ליגט פאַר מיר איצט, און דער דעמערונג-שעה,
ווי אַן אָפענער בריוו! — —
ווי אַן אָפענער, טויטער, פאַרלאָשענער בריוו,
אויף מידער, פאַרזעסענער, מיידלישער שריפֿט —
אויף וועלכער ס'קוקט שוין נישט קיינער אַרויס!..

איך בין בייז:
אויף דעם, וואָס איך ווייס נישט, און אויף דעם, וואָס איך ווייס!
אויף שוואַרץ, וואָס וועט שוין נישט ווערן — ווייס!
אויף געל, וואָס וועט שוין נישט ווערן — גרין!
אויף זיך — וואָס איך בין שוין אַזויווי איך בין!
און אויף זיך, וואָס כ'בין בלויז אַזויווי איך ווער,
ווי דו ווילסט — ווי זי וויל — ווי ער! — —

אויף לעבן, וואָס ענדיקט זיך אייביק מיט — טויט!
אויף ברויט, וואָס גראַמט זיך אַזוי יידיש מיט — נויט!
און אויף מענטש —
וואָס זיין נאָמען איז גרוב, און זיין נאָמען איז וויג,
און זיין נאָמען איז צער, און זיין נאָמען איז גליק,
און זיין נאָמען איז גרויס, און זיין נאָמען איז קליין —
און וואָס קען נישט באַגרייפן און קען נישט פאַרשטיין,
וואָס אַנדערע ווילן, פונקט אַזוי ווי ער — אויך זיין!
און וואָס אַנדערע זענען, פונקט אַזוי ווי ער, אויכעט אַליין!
און פונקט אַזוי ווי ער —
האָט זיך יעדער זיין פרייד און יעדער זיין טרער,
וואָס איז בלוי, ווי דער טוי און טיף, ווי דער ים —
און האָט אויכעט דעמזעלבן, געזאַלצענעם טעם!..
— — — — — — — — — — — — —

II

— — און אויב איך בין בייז, — איך בין אַלץ נאָך בייז:
אויף אַלץ, וואָס איך ווייס נישט און אויף אַלץ, וואָס איך ווייס,
און אויף אַלץ, וואָס טוט וויי, און אויף אַלץ, וואָס טוט באַנג,
און אויף אַלץ, און אויף אַלץ, וואָס האָט שוין פון לאַנג
געדאַרפט אויפהערן באַנג טון און ווי טון און לייד — —

און אויב איך בין בייז, איך בין אַלץ נאָך בייז:
אַזויווי דו, אַזויווי זי, אַזויווי ער, וואָס ווייסט
און זעט, און פילט, און טראַכט, און פאַרשטייט,
און ס׳פרעסט אים, ווי זשאַווער, אַן אַלטער צער —

איז עס בלויז דערפאַר:

וואָס סיי דו, און סיי זי, און סיי ער —

אויב ס׳איז אים צווידער און אָפּטמאָל שווער
שוין מענטש צו זיין:
ווערט ער וואָלף!
ווערט ער הונט!
ווערט ער האָלץ!
אָדער שטיין!
ווערט ער וואָרם, וואָס ליגט זיך זיכער אין כריין!

לויפט ער אום, אַ וואָלף, — מיט די וואָלפּישע ציין!
בלייבט ער שטעקן: אַ הונט — ביי אַ היגטישן ביין!
בלייבט ער ליגן ביי וועגן — ערגעץ — אַליין — —
אַזוי שווער, אַזוי האַרט, אַזוי שטום, ווי אַ שטיין!
און ווי אַ שטיין אַזוי מיד — —

נאָר מיט דעם אונטערשיד:

וואָס איך —
מיט מיין צעפּאָרענעם אַנצוג און צעריסענע שיך,
מיט מיין צויטיקן מאַנטל און פאַרשמאָרעטן הוט,
און מיט מיין קאַליע־געוואָרענעם, הייסן בלוט:

אָנשטאָט צו ווערן — אַ וואָלף! — ׳זוי׳זוי דו!
אָנשטאָט צו ווערן — אַ הונט! — ׳זויווי דו!
און אָנשטאָט, ווי דו, צו ווערן — אַ שטיין!
ווען אויך מיר ווערט נמאס שוין מענטש צו זיין:

לייג איך אַוועק זיך — פון מענטש זיין מיד, —
לייג איך אַוועק זיך — אַ שטיין אויף מיין בעט!
און שרייב אָן אין יידיש — אַ יידיש ליד —
און ווער ביי יידן — אַ יידישער פּאָעט!..

# היינט בין איך אַ טרויעריקער מענטש...

היינט בין איך אַ טרויעריקער מענטש! ווייל היינט —
האָב איך אָן אַ פּאַרוואָס זיך פלוצים דערמאַנט,
אַז שוין גאַנצע צוואָנציק יאָר נאָכאַנאַנד —
ווי איך האָב, אָבער טאַקע לחלוטין, קיינמאָל
נישט געוויינט!..

טאָ וואָזשע איז אַהינגעקומען מיין מענטשלעך געוויין?

וויינט דאָך אַפילו דער בוים, דאָס גראָז, דער ווינט,
(שוין אָפּגערעדט וועגן קינד!...)
וויינט דאָך אַפילו אָפּטמאָל — דער שטיין!

וויינט דאָך אַפילו דער וואַלד, דער באַרג, דער הימל און
וויינט דאָך אָפטמאָל אַפילו — אַפילו — די זון!..

נאָר איך, נאָך איך —
האָב גיכער געלאָזט אַראָפּוויינען פון זיך,
מיין הוט, מיין מאַנטל, מיין אַנצוג און שיך!

נאָר איך, נאָך איך —
האָב גיכער געלאָזט אַראָפּוויינען פון זיך

מיין פנים, מיין בליק, מיין וואָרט און געמיט
דורך אַ טרויעריק־פּאַראַכטעטן, יידישן ליד — —

איידער פּשוט אַזוי —
אָפּן און רוי —
און מענטשלעך אַזוי —:

אָנצוגרייטן אַ טיכל אין האַנט,
אויסצודרייען זיך שטום צו אַ וואַנט,
צוצומאַכן אויף אַ ריגל די טיר —
און אויסצוויינען דאָס געוויין, וואָס אין מיר!..

# היינט בין איך אן איינזאמער מענטש...

היינט בין איך אַן איינזאַמער מענטש! ווייל היינט —
בין איך פּלוצים פאַרחידושט דערגאַנגען דערצו,
אַז העס, אין דער טיף, אין זיך, ערגעץ־ווו —
האָב איך ענדלעך פון זיך אַליין זיך אַנטוויינט!

(אָט פּונקט אַזוי —
ווי מ׳ווערט אַנטוויינט פון אַ געליבטער פרוי,
ווען די ליבע „אָ, די ליבע״! ווערט ענדלעך —
פאַרקילט!...)

און גלייכצייטיק האָב איך דערפילט:
אַז לעבן — הייסט: פרייזיין!
און פריי — הייסט: אַליינזיין!
און אַליין —
הייסט קענען אַפילו אָן זיך — זיך באַגיין!...

הייסט קענען מיט גרויסמוט אַיעדע מינוט —
אַ פּליוך טון דעם טויט מיטן אייגענעם בלוט!
און אַ וואָרף טון דאָס לעבן אַזוי ווי אַ שטיין —
וואָס מ׳וואַרפט צו אַ הונט אין זיין בילן אַריין!...

הייסט קענען זיך זאָגן אַיעדע מינוט:
ווי פיין איז! ווי ווויל איז! ווי גוט! —

וואָס איך דאַרף שוין נישט האָבן קיינעם צום גליק!
וואָס איך דאַרף שוין נישט האָבן קיינעם צום שפּיל!
און דאַרף שוין נישט וואַרפן צו קיינעם קיין בריק!
און דאַרף שוין נישט בעטלען ביי קיינעם קיין בליק!
און דאַרף שוין נישט סקאָמליען ביי קיינעם — געפיל!...

הייסט קענען זיך זאָגן אַיעדע מינוט:
ווי ווויל איז! ווי פיין איז! ווי גוט! —

וואָס איך דאַרף שוין נישט קומען צו קיינעם נאָך טרייסט!
און דאַרף שוין נישט באָרגן ביי קיינעם קיין — גייסט!
נישט קיין וואָרט, נישט קיין געלט, נישט קיין אַנצוג
און שיך — — —

אַפילו... אַפילו... שוין אויך נישט ביי זיך!...

## שאַר־מאַט

ווער האָט וועגן מיין צער היינט געדאַכט,
ווען איך האָב געפיבערט אַ גאַנצע נאַכט —
און געוועזן, ווי אַ חיה אַליין, אין דער נאַכט?

און ווער איז געקומען צוהילף מיר בייטאָג,
און געהאָלפן מיר לעבן — אַ לעבן אָן פרייד,
אַ לעבן, וואָס אייביק צום שטאַרבן זיך גרייט?...

און ווער וועט דען קומען צו מיר נאָך צו גיין,
און העלפן מיר שטאַרבן מיט... אַ געוויין —
ווען איך וועל פון דאַנען אַוועקגיין — אַליין?...

ק—יי—נ—ע—ר!!!

און ווייל איך אַליין נאָר —
בלויז איינער —
מער קיינער:
האָב וועגן מיין צער היינט אַליין בלויז געדאַכט!
און געוועזן ווי אַ חיה, אליין, אין דער נאַכט,
און געלאָפן — אַ מענטש! — ווי אַ וואָלף אום בייטאָג,
מיט דער צונג אינדרויסן, פאַר הונגער און פּלאָג! —
מיט דער צונג אינדרויסן צווישן שאַרף־בלאַנקע ציין,
וואָס וואָלטן געקאָנט צעגריזשען — אַ שטיין!...

דערפֿאַר, נאָר דערפֿאַר, דאַרף איך נישט, וויל איך נישט —
אַז עמעצער זאָל מיר העלפֿן צום... גליק!
אַז עמעצער זאָל מיר ציילן די טריט —
וואָס וועלן מיך פֿירן נענטער — צום שטריק.

וואָס הענגט ערגעץ, הויך, אויף אַן אייזערנעם האָק,
אין אַ ליידיקער דירה, צווישן טויטע פֿיר ווענט —
אין אַ ווילד־פֿרעמדער שטאָט, אויף אַ זיבעטן שטאָק,
ווו איך האָב אַליין מיר, מיט טויטע שוין הענט —

דעם שטריק זיך געשטריקט. די פּעטליע געגרייט,
און געוואַרט, און געהאָקט, און געווייגערט זיך אַלץ:
(אפשר דאָך, וועט מען נאָך, אַנטדעקן די פֿרייד?...)
צו פֿאַרלייגן דעם שטריק אַרום אייגענעם האַלז.

אָט אַזוי, ווי מ׳טוט עס — מיט אַ קראַוואַט!...

און רויק, מיט אָנדאַכט, ווי אַ שפּילער אין שאַך,
און מיט אַזאַ ציניש־איראָנישן לאַך —
אַ זאָג טון צום לעבן: שאַך און — מאַט!!!...

# אליין

I

איך האָב פיינט צו לעבן אַליין!
צו בויען פאַר זיך בלויז אַ הויז און אַ היים —
און פילן זיך זיכער, ווי אַ וואָרם אין כריין!...

איך האָב פיינט צו ווינען אַליין!
נאָר דווקא מיט מענטשן, צו צוויי, און צו דריי —
אָט אַזוי בחברותא — ווען לעבן הייסט: חי!...

נאָר זיין — נאָר פשוט און איינפאַך זיין! —
ווי עס איז דער וואָלף און דער בוים, און דער שטיין:
האָב איך ליב — אַליין!

*

אַליין זיין דער שניטער און אַליין זיין דער שניט!
אַליין זיין דאָס פייער און אַליין זיין דער שמיד!
און אַליין זיין דער ים — אי דער אינזל אינמיט!...

אַליין זיין דער באַרג און העט אויבן — דער קוואַל!
אַליין זיין די מויער און אַרום מויער — דער וואַל!
און אַליין זיין דער שונא, און אַליין זיין — מיין פאַל!...

אַליין זיין דער וויזער און אַליין זיין — די צייט!
אַליין זיין דער בער אויף דער אייגענער קייט —
און אַליין דער ציגיינער, וואָס פירט אויף דער קייט

דעם בער אַרום, מיט בערישע טריט —
און הייסט אים טאַנצן אויף יעדן יריד,
און זינגט אים אונטער — אַ בערן־ליד!...

II

איך האָב פיינט צו גענעצן אַליין!
צו פרעסן מיין מאָלצייט פאַר זיך, אין געהיים —
זיך באַהאַלטן דערמיט, ווי אַ הונט מיט אַ ביין!

איך האָב פיינט צו שלאָפן אַליין!
נאָר דווקא אינאיינעם, ענג, זאַלבערצוויט —
אָט אַזוי־אָ פאַרפלאָכטן — ווען שלאָפן הייסט: פרייד!

נאָר זיין — נאָר פשוט און איינפאַך זיין! —
אָט אַזוי, מיט די נעגל, מיט די לאַפּעס און ציין:
האָב איך ליב — אַליין!

*

אַליין זיין דער הערשער, און אַליין זיין דער שקלאַף!
אַליין זיין באַשאַפער, און אַליין זיין — באַשאַף!
און אַליין זיין דער מענטש, און אַליין — דער אַף!...

אַליין זיין דער וואָלף, און אַליין זיין — זיין רויב!
אַליין זיין דער שפּאַרבער, און אַליין זיין — די טויב!
און אַליין, און אַליין — אויף אייגענער הויט —

דערפילן, דערשפירן, דערגרונטן, דערגיין:
וואָס אַזוינס נויט איז? און וואָס אַזוינס פּיין?
און ווי אָרעם, ווי נישטיק, ווי אומווערדיק קליין —

ס'איז די פרייד פון פאַרצוקן, ס'איז דאָס גליק פונם זיין:
אַנטקעגן דער גרויסער, דער גרויזאַמער פּיין —
פון ווערן פאַרצוקט! פון אויפהערן זיין!...

# אויטאפארטרעט

אָט אַזוי ווי איך בין, און אַזוי ווי איר זעט מיך:
מיט אַ לענגלעכן, גלאַנציקן, אייביקן פּליך,

מיט אַ פּנים, אַ האַרטס — קאַנטיק און האַרב,
מיד און איינטאָניק, ווי אַ שילד אָן פאַרב.

מיט קנייטשן צוויי טיפע פון ביידע זייט נאָז:
צוויי אייביקע פרעג־צייכנס: פאַרוואָס? פאַרוואָס?...

מיט אַ קאָפּ אַביסל געשטרעקט אין פאָרויס,
און מיט אויגן צוויי שפּיזיקע, ווי ביי אַ מויז,

און ווי ביי אַ קאַץ — אַזוי האַלבלעך פאַרמאַכט:
קליינע בייטאָג און גרויסע ביינאַכט! — —

גרויסע ביינאַכט, ווי אַ קאַץ אויף דער לויער,
און ווי צוויי קעלשיקלעך פולע מיט טרויער —
בייטאָג. — — — —

— — — — — — — — — — — —

אָט אַזוי ווי איר זעט מיך און אַזוי ווי איך בין:
מיט אַ לעבן, וואָס האָט קוים דעם מינדסטן זין,

און וואָס כ׳טראָג עס, אַ וואָלף! — אויף די וואָלפישע ציין
און לויף און אַנטלויף דערמיט — איינער אַליין:

איבער וועלט, איבער פעלד, איבער סטעפּ, איבער פליין —
און לאָז עס נישט אָפּ אַ מינוט פון די ציין!

און לאָז עס אַ רגע פון פיסק נישט אַרויס:
טאָמער כאַפּן עס אַנדערע אויס! — — —

נאָר אַזוי, אָט אַזוי, ווי אַ וואָלף מיט זיין רויב —
לויף איך, אַנטרין מיט אַ לעבן — און גלויב:

אפשר דאָך? אפשר באַלד? און אפשר גאָר פּאָרט
געפינען איך וועל יענץ „גליקלעכע" אָרט,

ווו רויק און זיכער און זעטיק און לאַנג —
כ׳וועל קענען פאַרשפּייזן מיין וואָלפישן פאַנג,

באַגריזשען, באַלעקן אַ ביין נאָך אַ ביין —
און שאַרפן דערביי מיינע וואָלפישע ציין,

און פירן מיט וועלף — אַ וואָלפיש געצאַנק
פאַרביסן און בלוטיק, פאַרעקשנט און לאַנג:

פאַר אַ פעטערן ביסן! פאַר אַ גרעבערן פאַנג!...
דערווייל אָבער וואָי איך מיין וואָלפיש געזאַנג,

וועגן נויט, וועגן טויט, וועגן עלנט און פיין — —
און ס׳הערט נאָר מיין וואָיען — איך בלויז אַליין!

און מיין וואָלפישער הונגער, וואָס הערט אַ מינוט
נישט אויף מיר צו שרפען דאָס וואָלפישע בלוט,

און יאָגט מיך און טרייבט איבער טעג, איבער נעכט,
איבער לאַנגע, איבער ווייסע, איבער פּראָסטיקע נעכט!

איבער פעלד, איבער וועלט, איבער ווייט, איבער פרעמד:
דעם קאָפּ פאָרויס! און די ציין פאַרשטשעמט!...

מיט אויגן, ווי ביי אַ קאַץ אויף דער לויער —
און ווי צוויי קעלשיקלעך פולע מיט טרויער,

פון אַ מענטשלעכן פּנים, ווי אַ שילד אָן פאַרב,
מיד און איינטאָניק, קאַנטיק און האַרב —

און מיט צוויי קנייטשן פון ביידע זייט נאָז:
צוויי אייביקע פרעג-צייכנס: פאַרווען? פאַרוואָס?...

## ליד חענן זיך אליין!...

I

איך, נאָר איך —
קאָן זיין אַזוי שרעקלעך, נאָר בלויז מיט זיך!
אַזוי שרעקלעך, אוממעגלעך, אוממענטשלעך אַליין —
אַזוי פול זיין און דול זיין און שטיל זיין און
זיין! — —
אַז ס׳זאָל אין מיר קיינער נישט קענען אַריין!
און ס׳זאָל צו מיר קיינער נישט קענען מער צו —
אַפילו... אַפילו... שוין אויכעט נישט — דו!...

דו — —
וואָס ביזט געקומען צו מיר אין געשטאַלט פון אַ „זי״,
ווען ס׳איז אין מיין וועלט נאָך געווען אינדערפרי —
און ס׳איז נאָך מיין לעבן געווען פאַרמאַכט,
ווי אַ ווייסע, אַ שטילע, אַ וואַסער-בלום —
אין אַ שטילער, לבנהניקער זומער-נאַכט!...

איך, נאָר איך —
קאָן לעבן אַ לעבן נאָר בלויז מיט זיך!
און קיינעם נישט דאַרפן האָבן צום גליק,
און קיינעם נישט דאַרפן האָבן „צום גראַם״,

צו קיינעם נישט דאַרפן וואַרפן אַ בריק —
און לעבן, אַזויווי ס׳לעבט — דער ים!
און לעבן אַזויווי ס׳לעבט — דער בוים!
און לעבן אַ לעבן פון אַ — שטיין!
אַזוי האַרט, אַזוי קאַלט, אַזוי טיף און אַליין,
אַזויווי ס׳קאָן נאָר לעבן אַ שטיין —
ערגעץ אויף סאַמע גרונד פון אַ תהום:
טויזנט מעטער אַרונטער זיך!

און איך, נאָר איך —
קאָן לעבן אַ לעבן — אַריבער זיך:
צען טויזנט מעטער אַריבער זיך!

און אָפטמאָל, יאָ, אָפטמאָל אַפילו אַליין —
נישט קענען דערלאַנגען, נישט קענען דערגיין:
צום אויבערשטן שיכט —
צום „שפּיץ" פון מיין איך!
צום קאַלטן, צום אַלטן, צום אור־אַלטן זיין —
פון מיין העכסטן, מיין שטאָלצן, מיין קאַלטן אַליין!...

II

...ווייל איך נאָר אַליין, ווייל איך נאָר בלויז,
קאָן פילן זיך אָפטמאָל אַזוי מין גרויס, —
אַזויווי ס׳פילט זיך אַ מענטש אויף דער וועלט,
וואָס האָט מיט זיך אַלץ און אַיעדן פאַרשטעלט,
און ווייסט נישט און פילט נישט און זעט נישט, אַחוץ
דאָס אייגענע בערגעלע, הויפעלע שמוץ —
אויף וועלכן ער זיצט זיך, ווי אויף אַ טראָן,
און מיינט, אַז פון אים — הייבט דער מענטש זיך אָן!
און מיינט, אַז מיט אים — גייט דער מענטש אַוועק!

און ווייסט נישט, אַז דאָס איז אַ בערגעלע מיסט
אויף וועלכן, ווי אויף אַ טראָן, ער זיצט!...

און ווייסט נישט, אַז אויף זיין אייגענעם עק —
זיצט סיי דער מלך און — סיי דער שנעק!...

ווייל איך נאָר בלויז, ווייל איך נאָר אַליין,
קאָן פילן זיך אָפּטמאָל אַזוי מין קליין —
וואָס קלענער אַפילו קאָן שוין נישט זיין:
קלענער אַסך פון אַ וואָרם אונטער שטיין!
און קלענער אַפילו פון אַ מילב —
און קלענער און ווייניקער פון אַ זילב!...

און גרינג אַזוי, לייכט, ווי אַ שפריי אין דער לופט:

אַזש ס'ווערט אַזוי שווער מיר דער אייגענער גוף!
און איבעריק עפּעס, נישט נויטיק און פרעמד —
פרעמדער אַסך, ווי דאָס אייגענע העמד!
און פרעמדער אַסך, ווי מיין אַנצוג און שיך —
וואָס טראָגן די קנייטשן פון מיין אייגענעם „איך”!..

און ס'ווערט אַזוי פרעמד מיר דאָס אייגענע פלייש,
אַזוי לעפיש און נאַריש און אָפּטמאָל אַזוי מין צופלייס —
אַזש ס'ווילט זיך מיר פרעגן נישט איינמאָל: פאַרוואָס
ס'קלעבט אויף מיין פּנים — אַ פרעמדע נאָז?
און ס'דרעפּטשען מיר נאָך אַפּאָר ליימענע פיס,
וואָס זעען מיר אויס עפּעס קאָמיש און מיאוס! — — —

און ס'באָמבלען מיר נאָך צוויי ווילד-פרעמדע הענט,
וואָס, אסור, צי איך וואָלט זיי צווישן פרעמדע דערקענט! — —
— — — — — — — — — — — — — —

# אַ מענטש אין דער נאַכט!...

(מ. וואַלדמאַנען)

קאָן זיין —
איך בין היינט צופיל געווען בלויז מיט זיך אַליין!
און דערפאַר וועט דאָס ליד אפשר דער נאָר פארשטיין,
ווער ס׳האָט אַזוי ווי איך —
אַזויפיל צו טון ג׳אַט נאָר בלויז מיט זיך,
און מיט נעכט — מיט שלאָפלאָזע נעכט נאָך דערצו!...

זאָג, — אפשר דו?
אפשר ער?
און אפשר גאָר — זי?...

טאָ, ווער? —
יאָ, — ווער איז געקומען צו הילף מיר ביינאַכט,
ווען כ׳האָב זיך געפייניקט, געוואָרפן, געוואַכט,
אַ גאַנצע, אַ שוואַרצע, אַן א י י ב י ק ע נאַכט —
און ערשט אַרום פינף, אָדער זעקס אינדערפרי,
אַנטשלאָפן געוואָרן נאָך גרויסער מי —
אַ שלאָף פון אַ אומרו?!...

זאָג, — אפשר דו?
אפשר ער?
און אפשר גאָר — זי?...

טאָ, ווער? —
אָ, ווער האָט ווען מיין צער היינט געדאַכט,
ווען איך האָב געפיבערט אַ גאַנצע נאַכט
און פשוט קיין אויג נישט צוגעמאַכט —
נאָר געוואַכט און געוואַכט און געוואַכט
און ג—ע—וו—אַ—אַ—אַ—כ—ט! — — — —
און געהערט בלויז דאָס טיקען פון זייגער ביינאַכט,
און געהערט בלויז דאָס ראָיען פון מעבל ביינאַכט,
און געהערט בלויז, ווי עמיצער לאַכט און ער לאַכט
און ער ל—אַ—אַ—אַ—כ—ט! — — — —
דאָס גרויסע, דאָס גרעסטע געלעכטער ביינאַכט:
כאַ, כאַ — כאַ—אַ—אַ!..
הו, הו, — הו — ו—ו—ו!
הי, הי, —הי —י—י—י!...

זאָג, — אפשר דו?
אפשר ער?
און אפשר גאָר —זי?

טאָ, ווער? —
יאָ, — ווער האָט זיך שווער איבער מיר איינגעבויגן,
און מיט בלייערנע פינגער פאַרמאַכט מיר די אויגן,
אזוי אַרום פינף, אָדער זעקס אינדערפרי —
ווען מיר איז געלונגען, נאָך גרויסער מי,
אַראָפּצושלינגען, דעם שלאָף, ווי אַ ביין,
און אַריינצופאַלן אין זיך — ווי אַ שטיין,
וואָס מ׳וואַרפט אַריין אין אַ ברונעם אַריין!...
— — — — — — — — — — —

ניין!!

ניט דו —
און ניט ער —
און ניט זי —
און ניט ק י י נ ע ר !
נאָר איך, נאָר איך, נאָר איך בלויז איינער —
האָב געהערט זיך אַליין אַרום זעקס אינדערפרי,
אַ ברום טון, אַזוי ווי אַ בער — אַזאַ ברום:
או — הום! או — הום!
אַזוי שטום —
אַזוי שטום —
ווי אַ חיה — אַזוי שטום!...

און קיינער, און קיינער, און קיינער אַרום —
ניט געווען איז אַרום, ניט געהאָלפן, געדאַכט,
וועגן צער, וועגן פּיין, וועגן שרעק אין דער נאַכט,
און וועגן דעם שטילן, דעם שטילסטן געוויין —
פון אַליין זיין!
פון איינזאַם!
און טויט — —

פון איינעם, אַ מענטש — אַליין אין דער נאַכט,
וואָס האָט אויף אַ רגע קיין אויג ניט פאַרמאַכט
נאָר געוואַכט, און געוואַכט, און גע—וואַ—אַ—כט — —
און געהערט בלויז דאָס רוישן פון ביימער ביינאַכט,
און געהערט בלויז דאָס בילן פון הינט אין דער נאַכט
און געהערט בלויז דאָס שרייען פון באַנען ביינאַכט
און געהערט בלויז, ווי עמיצער לאַכט און ער לאַכט
און ער ל—אַ—אַ—כ—ט! — — —
דאָס גרויסע, דאָס גרעסטע געלעכטער ביינאַכט:

כאַ, כאַ — כאַ —אַ—אַ!
הו, הו — הו —ו—ו—ו!
הי, הי — הי —י—י—י!...

זאָג, — אפשר דו?
אפשר ער?
און אפשר גאָר — זי?

און אפשר... און אפשר — גאָר איך אַליין?
קאָן זיין?!

# א טעות

איך האָב געמיינט:
נישט דער נעכטן און נישט דער מאָרגן, — נאָר דער היינט!
איז דאָס, וואָס האָט נאָך עפּעס אַ ווערט —
אויף דער אויבערפלאַך פון אונזער ערד!

איך האָב געגלויבט:
נישט דאָס, וואָס מאַכט גרויס און נישט דאָס, וואָס דערהויבט,
נאָר דאָס, וואָס נידערט אַראָפּ, איז באַשיידן און קליין —
איז שיין!..

און איך בין געווען זיכער, אַז איך בין גערעכט,
ווען איך האָב געטראַכט —
אַז דאָס, וואָס מענטשן זענען אָפּטמאָל שלעכט,
איז בלויז צופאַל, איז בלויז ווילן צו — מאַכט!
און אַז אונטן, אין דער טיף, אין זיין בלוט —
איז דער מענטש, סוף כל סוף, נאָך תמיד גוט!..

און אַז סוף כל סוף —
מוז איך גראָד נישט זיין קיין פילאָזאָף.
ווען איך טראַכט —
(פונקט אַזוי, ווי שפינאָזא האָט אַמאָל געטראַכט)
אַז נישט דער וואָס וויינט און נישט דער וואָס לאַכט,

נאָר דער, וואָס פאַרשטייט —
קאָן, האָט אַ רעכט צו געניסן פון פרייד!...

און איך בין געווען זיכער און איך בין געווען אפילו איבערצייגט,
אַז דער, וואָס שווייגט —
האָט אַסך מער צו זאָגן, ווי דער, וואָס רעדט!...
און אַז כדי צו זיין אַ פּאָעט —
מוז מען נישט דווקא זיך אַוועקזעצן און שרייבן אַ ליד.
ס'איז גענוג —
אַז יעדער איינער וואָס גלויבט און פילט —
זאָל כאָטש איינמאָל אַזוי טיף אין זיך דערגיין:
אַז דאָס לעבן איז טרויעריק און איז — שיין!...

*

אָט אַזוי, אַזוי —
האָב איך אַמאָל, מיט יאָרן צוריק — געגלויבט, געטרוימט,
האָב איך אַמאָל, מיט יאָרן צוריק — געטראַכט, געמיינט,
געלאַכט און געוויינט נאָך מיט אמתע טרערן! —
געליבט זיך אין פרויען, געחברט זיך מיט פריינט, —
און געשטרעבט, וואָס מערער און אָפטער מיט מענטשן פאַרקערן!...

מיט מענטשן, אָ מענטשן! וועגן וועלכע איך האָב תמיד געמיינט,
אַז זיי האָבן, אַזויווי איך, מיט אמתע טרערן געוויינט!
און פונקט אַזויווי איך — אַזוי אָפן און האַרציק געלאַכט,
און אָפן און ערלעך, אַזויווי איך, גערעדט און געטראַכט,
און געגלויבט — אַז דאָס, וואָס זיי רופן אָן „גליק״:
איז טאַקע — גליק!...
און דאָס, וואָס זיי באַטראַכטן געוויינלעך פאַר פרייד,
זענען זיי תמיד גרייט,
פונקט אַזויווי איך —

ניש צו באַהאַלטן נאָר בלויז פאַר זיך!
נאָר פאַרקערט —
אַקעגנצוטראָגן אַיעדן, ווי סטראָגט אַקעגן די ערד
די פרוכט פון איר שויס!
און —
ווי ס׳טראָגט אַקעגן דער הימל — די זון!
אַזוי ליכטיק און וואַרעם און פרעכטיק און
גרויס!...
און פאַר יעדן איינעם גרייט —
פאַר יעדן איינעם גלייך:
אַזוי פאַר דעם ים, ווי אויך פאַר דעם טייך,
אַזוי פאַר דעם דעמב, ווי אויך פאַר דעם גראָז!...

אָן אַ „פאַרוואָס״? און אָן אַיעדן „נאָכוואָס״?
— — — — — — — — — —

משמעות —
איך האָב געהאַט — אַ טעות!...

# (S i c !)

...און איך זאָג דיר: נישט דאָס, וואָס איז שיין,
און נישט דאָס, וואָס איז גוט, נאָר דאָס,
וואָס איז נ ו י ט י ק —
האָט נאָך עפּעס אַ באַשטאַנד אין דער גרויליקייט
פון אונזער צייט!...

איין העמד האָב איך נאָך, וואָס איז ריין,
און איין פרייד —
און דער רעשט איז — קויטיק!...

און דעריבער —
לאָמיר זיך פאַרמאַכן אין אונזערע שטיבער!
לאָמיר פאַרהענגען אונזערע פענסטער —
לאָמיר פאַריגלען אונזערע טירן -
און לאָמיר די שענסטע פרויען אַהין פאַרפירן!...

ווייל נאָר די פרויען —
קאָן מען נאָך דאָס ביסל „גליק" אונזערס פאַרטרויען!
און נאָר אין געשלעכטס־טריב —
ליגט דאָס, וואָס מיר האָבן נאָך אויף אַן אמת ליב!...

כאָטש אויך „דאָס„ איז נישט תמיד גוט,
און נישט תמיד איבעריק שיין —

און זעלטן־ווען — דערהויבן
און נאָך זעלטענער —
ר יי ן!
און אָפּטמאָל אפילו היפּשלעך קוויטיק —
אָבער תּמיד — נויטיק!!...

וואָרים:
אויב דו ביזט נאָר נישט אָרעם —
און ביזט נאָך אלץ נישט קיין גריין,
און דיין בלוט איז נאָך הייס —
און דיינע אָרעמס — שטאָל!
און דיינע גלידער פאַרצווייגן צומאָל
אין גלידער אַנדערע — —
און דיין גוף וואַקסט אַריין
(אויף איין רגע בלויז!)
אין אַ גוף אַן אַנדערן — —

ווייס:
דו קערסט מיט הונדערט־טויזנט יאָר זיך אום צוריק!

און דאָס, בלויז דאָס איז — גליק!
(SICI)

# אַוודאי...

אַוודאי קאָן מען אַ לעבן־לאַנג —
אַרומגיין צווישן מענטשן און זאַכן,
און נישט וויסן, אַז מ׳איז אויף לעבן קראַנק —
ווען מ׳קען נישט וויינען און מ׳קען נישט לאַכן!...

אַוודאי קאָן מען אַ לעבן־לאַנג —
גלויבן, אַז מ׳איז פון... ראַק — אַ קרבן!
און נישט וויסן, אַז מ׳איז אויף בענקשאפט קראַנק,
און נישט וויסן, אַז מ׳איז אויף טרויער געשטאָרבן!...

אַוודאי איז שווער צו לעבן אַזוי —
כדומה למשל — ווי איך, אַ שטייגער!
מיט ביכער — אָנשטאָט מיט קינד און אַ פרוי,
און מיט „אייביקייט״ — אָנשטאָט מיט אַ גאָלדענעם זייגער!...

אַוודאי איז בעסער צו לעבן אַזוי —
ווי ס׳לעבט זיך ר׳ בערטשע מיט זיין פרוי!

און נישט ווי איינער — „נישט אַבי ווער״! —
וואָס שרייבט זיך אונטער — שנאַפּער בער!...

# היינט בין איך אַ שטאָלצער מענטש...

היינט בין איך אַ שטאָלצער מענטש! ווייל היינט —
האָב איך פּלוצים זיך ערגיץ, פון וועמען דערוווּסט,
אַז מיין גאַנצער צער איז געווען אומזיסט! —
און אַז עמיץ, אַז איינער, אַזאַ „חשובער פריינט"
פון יידיש-לאַנד!
פון אידיש-לאַנד!
פון יודיש-לאַנד!
האָט מיך ענדלעך באַווילִיקט צו האַלטן אין האַנד! —

און — —
(אָ! ווער איז צו מיר געגליכן היינט!):
איך בין געוואָרן מיט מזל — געלייענט!!!...

אמת, אַביסעלע געחוזקט, אַ קאַפּינקע געשפּעט,
אַ געדאַנקעלע געטאַדלט, אַ קוימעלע געגלעט —
(אַ קלייניקייט, אַ קלייניקייט — אַ יידישער פּאָעט!)

און —
ס'האָט היינט נאָר פאַר מיר בלויז געלאָכטן די זון!
ס'האָט היינט נאָר פאַר מיר בלויז דער אַפּל-בוים געבליט!
ווי איך בין אַ פּאָעט! און ווי איך בין אַ ייד!

און —
ווי איך בין שוין פון ייד-זיין און ליד-זיין — מיד!...
— — — — — — — — — — — —

און איך האָב זיך פאַרקנעפּלט ביז צום לעצטן קנאָפּ,
פאַריסן אַרויף, אין דער הויך דעם קאָפּ,
אָנגעשטייפּט זיך שטייף, ווי אַ האָלץ —
און באַשלאָסן צו ווערן— שטאָלץ!...

אַזוי שטאָלץ —
ווי נאָר אַ פּאָעט קאָן דאָס ווערן שטאָלץ!
ווי נאָר אַ פּאָעט, וואָס אָנשטאָט — אַ שטיין,
קאָן אַ וואָרף טון דער וועלט — אַ שטייפלעך געביין!
אַ פּאָר עקיקע תנועות, אַ נויג מיטן קאָפּ,
אָט אַזוי-אָ — פון אויבן אַראָפּ!
און העכסטנס, און העכסטנס,
אין בעסטן פאַל:
אַ שמייכל מיט —
גאַל!!...

# ניש צוליב אייך...

נישט צוליב אייך, ניין! נישט צוליב אייך —
דריי איך אום זיך אָ־דאָ — אַ מענטש אויף דער ערד!
אַ מענטש, וואָס געווען איז אַמאָל אים באַשערט —
צו שטיין געבויגן — אַ ווערבעביים טייך;

צו וואַקסן אַ גראָז פּאַזע דער ערד —
אָדער צו ליגן ביי וועגן — אַ שטיין!
אַזוי האַרט, אַזוי גרוי, אַזוי מיד און אַליין,
אַזויווי אַ מענטש, וואָס אים איז באַשערט
אָנשטאָט אַ שטיין — אַ מענטש צו זיין!..

ניין!!
נישט צוליב אייך־אָ! נישט צוליב אייך! —
דריי איך אום זיך אָ־דאָ, צווישן אָרעם און רייך,
דריי איך אום זיך אָ־דאָ, אויף אַ פרעמדן פּלאַנעט:
אַזאַ פרעמדער, אַ ווייטער, אַ בייזער פּאָעט!..

און נישט צוליב דעם, ניין! נישט צוליב דעם —
בין איך געקומען צו אייך אַראָפּ פון אַ פרעמד:
איך זאָל טראָגן פון אייך אַ פּאָר שיך און אַ העמד!
איך זאָל טראָגן פון אייך אַן אַנצוג, אַ הוט —
און עסן דאָס עסן — געקאָכטע אין בלוט!...

(פאַר אייך בין איך אַ שלעכטער בירגער!
פאַר אייך בין איך אַ שלעכטער מענטש!
פאַר אייך איך בין אַ שלעכטער זעלנער!
פאַר אייך בין איך אַ שלעכטער פּאָעט!)

ווייל זעט:

אין אייערע הערצער קלאַפּט היינט מער פּחד —
ווי בלוט!
און אין אייערע אָדערן פליסט היינט מער פולווער —
ווי מוט!

אונטער די ברייטע ראַנדן פון אייער הוט —
טראָגט איר אַלץ נאָך הערנער!
און פאַר דעם גרעסטן נביא פון אייער צייט
האָט איר אַלץ נאָך גרייט —
אַ קרוין פון דערנער!!...

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

ניין! נישט צוליב אייך איז ווערט צו פאַרגיסן —
אַזויפיל בלוט אויף דער ערד!
און ווי איז צו מיר, וואָס מיר איז באַשערט —
מיט אייך אינאיינעם — דאָס לעבן געניסן!...

# אין דיכטער־לאַנד!...

„ווער ס'וויל דעם דיכטער פאַרשטיין —
דער מוז אין דיכטער־לאַנד גיין!״
(געטע)

....און איצטער ברודער - קום! קום און לאָז דיך פירן
דורך לאַנד, דורך מיינעם — ווי די וועלט די גרויס!
וו הייזער שטייען אָפן — אָן פענסטער און אָן טירן,
און ווער עס קומט אַריין דאָרט, דער קען שוין נישט אַרויס!..

און ווער עס האָט נאָר דאָרטן — אַ נאַכט כאָטש בלויז געגעכטיקט,
דער ווייסט שוין איינפאַך מערנישט, דעם פראָסטן טייטש דערפון,
אַז דאָס, וואָס מאַכט אַ וועלט אַזוי מין העל און לעכטיק —
דאָס רופט זיך פשוט — זון!...

און ווער עס טאָגט אַ טאָג דאָרט, דער קען זיך נישט דערמאַנען
וואָס אַזוינס אַ בוים איז, און וואָס אַזוינס איז — גראָז?
און וואָס אַזוינס, פאַרוואָס, נאָכוואָס און אויך פונוואַנען —
עס נעמט זיך דאָס אַ פויגל, אַ וועוריקל, אַ האָז?!...

און וואָס אַזוינס איז הימל — און וואָס דאָס זענען שטערן,
און וואָס אַזוינס, מיט וואָס — מען עסט דאָס אַ לבנה?
(און אפשר איז זי גראָד אַ פאַרוויינטער מאַמעס פנים —
און די שטערן זענען — אירע ליכטיק־גרויסע טרערן?)

ווייל ווער עס האָט געפילט בלויז, דעם טעם פון פרייד אין לעבן,
דער וועט דאָ באַלד דערפילן — דעם טעם פון גאָרער נויט!

און ווער עס האָט נאָך קיינעם גאָרנישט נישט געגעבן —
דער וועט דאָ אַלץ פאַרשענקען — פאַר אַ לאַבן ברויט!...

און ווער עס איז געשטאַנען מיטביידע פיס אין רחבות —
דער וועט זיך דאָ דערשטיקן — פון ענגשאַפט און פון ברוד!
און ווער עס איז געווינט בלויז צו תענוג און צו נחת —
דער וועט זיך איצטער שפּיגלען — אין „שפּיגעלעך" פון בלוט!..

און ווער ביז איצט געווען איז — „גליקלעך און צופרידן",
און געטראַכט, עס זאָל בלויז הערשן — „רו און אָרדנונג":
דער וועט שוין איצטער ברויזן, קאָכן זיך און זידן —
און דאָס בלוט, דאָס פוילע וועט אין אים אַ שריי טון:
מ אָ ר ד ן!!
— — — — — — — — — — — — —

אויך איך וועל זיך אַוועקשטעלן, מיט צוויי געביילטע פויסטן,
מיט אויגן, ווי די לעכער פון לופּעס צוויי — מיט שרויט!
אָדער זיך פאַרוואָרצלען, ווי אַ בוים צעברויזטער —
פון שטורעמס און פון רעגנס — פאַרמעסטן זיך מיט טויט!...

און שטיין אַזוי פאַרבלייבן — שוואַרץ פון ווינט און רעגן,
און שטאָקן האַרט און זיכער — נישט רירן זיך פון אָרט!
און מער שוין גאָרנישט זוכן, ביי קיינעם שוין נישט פרעגן,
און האָקן בלויז און האָרכן — און וואַרטן אויף דעם וואָרט! —

אויף יענעם ג ר ו י ס ן וו אָ ר ט, וואָס קומען וועט און וואָרנען:
ג ע נ ו ג! גענוג געווען שוין וואָרט! גענוג געוועזן אות!
גענוג געווען געלאָדן מיט פולווער און מיט צאָרן! — —

לאָד מיך אויס איגנאַנצן!... לאָז מיך ווערן — ש אָ ס!...

## דעכט צו לעבן!

ווער ס׳האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען זיך אַליין —
פליען קאָפּ אַראָפּ פונם פערטן שטאָק!
און ווער ס׳האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען זיך אַליין —
הענגען אין אַ פּוסטער דירה, אויף אַ פאַרזשאַווערטן האָק!...

ווער ס׳האָט נאָך קיינמאָל נישט פאַרזוכט
דעם זיסן, דעם ביטערן טעם —
פון אַ פלעשל ביליקן סם!...

און ווער ס׳האָט נאָך קיינמאָל נישט געריייניקט קיין קאַנאַלן,
און ווער ס׳איז נאָך קיינמאָל נישט געשלאָפן אין קיין שטאַלן,
און קיינמאָל נישט פון אינעווייניק — קיין תפיסה־לאָך געזען,
און קיינמאָל נישט געהאַנדלט מיט קיין בייגל: „פיר פאַר צען״!...
און קיינמאָל נישט אַזוי אַנטלאָפן פאַר אַ פּאָליציי —
ווי זיי!...

דער, נאָר דער, קאָן נאָך זאָגן צום לעבן:
ביזט שיין!
און צו דער וועלט: ביזט מיין!
און צו דער פרוי: איך גלוסט!
און פילן דערביי — אַז זיין ברוסט
איז די גאָלדענע וויג —

און זיין האַרץ — אַ קינד!
און זיין בליק —
איז די נעסט, איז די וואַרעמע נעסט
פאַר דער גאָלדענער פאַווע —
וואָס רופט זיך: גליק!...

און דער, נאָר דער, האָט אַ רעכט,
צו שלאָפן געשמאַק גאַנצע נעכט,
און אויפצושטיין אינדערפרי:
נישט, ווי איך, אָדער דו —
מיט אויגן געשוואָלן און צעשראָקן,
און מיט זעקעלעך צוויי
אונטער זיי —
ווי ביי אַ זקן!...

און דער בלויז, דער נאָר אַליין —
האָט אַ רעכט נאָר זיך צו פאַרשטיין!
און קיינעם נישט קאָנען פאַרטראָגן!
און פאַרהאַקן פאַר יעדן די טיר!...

און אויך צו דעם ליד מעג ער זאָגן:
„נ י ש ט פ אַ ר מ י ר!...״

# „דער מענטש איז שלעכט!...“

(ליד פון א קליינבירגער)

נישט קשה —
איך קאָן אָפּטמאָל אויך זיין אַ גרויסער רשע!
און בייז קאָן איך זיין —
ווי אַ הונט, ווען ער גריזשעט אַ ביין!
און גרוי־זאַם —
ווי אין שטורם — דער ים!..

נישט קשה —
איך האָב צומאָל אויך די געמיינסטע ווערטער אין מיין לשון!
און ס'זענען אָפּטמאָל די מחשבות מיינע ערגער פון די טאַטן!
און וואָס מער איך ליב — אַלץ מער קאָן איך פאַראַטן!
און — —
(אָ, הייליקער פּאַראַדאָקס!)
וואָס מער איך האָב העסליך פיינט —
אַלץ מער און מער, מערן זיך מיינע „פריינט“!...

בייטאָג —
גראָב איך אַרום אין דער שטאָט,
ווי אין דער ערד — אַ קראָט!
און איך נישטער און זוך —
און שעלט און פלוך —
און קער און ווענדט —
און שוועך און שענדט! — —

און קאָן נישט פאַרשטיין:
וואָס אַנדערע ווילן פונקט אַזויווי איך —
אויך זיין!
און קאָן נישט באַגרייפן:
וואָס אַנדערע זענען פונקט אַזויווי איך —
אויך אַזעלכע טייפל!...

און ווען נישט איך —
וואָלטן אויך זיי,
פראַנק און פריי.
אַריבערגעגאַנגען איבער מיר —
פונקט, ווי איך איבער זיי!...

און פונקט, ווי זיי פאַר מיר —
פאַרהאַק איך אויך פאַר זיי מיין טיר!
און ווי אַ הינטישע פעל —
לייג איך הויערן אַוועק — מיין האַס אויף מיין שוועל!
און מיט זיבן שלאַנגען-הויטן —
לאָז איך פאַרבעלמען מיין אויג —
אויף אַנדערע, אויף פרעמדע נויטן!...
און אויף יעדן פינסטערן קרעכץ —
האָב איך גרייט פון אַפריער
מיין עכטן, מיין פוילישן — „יעך"!
און אויף יעדן — „אוי":
„גוט אַזוי!..."
— — — — — —

אַזוי טאָג נאָך טאָג!
אַזוי טאָג פאַר טאָג!

ביז טיף אין דער נאַכט! — —
— — — — — — — —

און טיף אין דער נאַכט —
און טיף אין דער נאַכט —

ווי וואָלט דאָס אַ „היינטיקער" דיכטער געמאַכט:

„טו איך אָן די נאַכט —
ווי אַ שוואַרצן פראַק!
פּאַס איין די לבנה —
אַ מאָנאָקל אין אויג!..."

און אַ פראַנט —
שטייף און גאַלאַנט:
קוש איך יעדער דאַמע „באָנטאָניש" די האַנט!
און פאַרנויג זיך, פאַרבויג —
פאַר יעדן מינדסטן קליידל אין באַר!
(פרעך איז מען נאָר צו אַ מיידל אין ראָג!)
און זאָג:
„דאָס לעבן, אַך דאָס לעבן — איז אַ קאָשמאַר!..."

און פאַר זיך —
(קיינער ווייסט נישט, ווען ס'וועקטשט דער שיך)
אויב ס'ווילט זיך מיר פאָרט נאָך בלייבן ערגעץ־ווו
סוף כל סוף גערעכט —
און דעם אַזויצוזאָגענעם געוויסן נישט שטערן
די רו — —

גיב איך צו:

„דער מענטש, נו יאָ — דער מענטש איז שלעכט!..."

# ליד חעגן ליבע אין א גרויסער שטאָט...

I

זעט אויס —
איך בין מסתּמא טאַקע מער נישט, ווי אַ מענטש בלויז:
קיינמאָל נישט גוט —
קיינמאָל נישט שלעכט —
בלויז תּמיד — „גערעכט"!
נאָר תּמיד הונגעריק, אָדער זאַט געשטימט!...

און —
אויב איך בין נאָר נישט בלינד,
זע איך קיינמאָל נישט מער —
ווי ס'גרייכט בלויז מיין אויג!
און ווייס קיינמאָל נישט מער,
ווי דאָס —
וואָס ס'טוט זיך בלויז אויף דער ערד!...
(און העכסטנס, העכסטנס — שוין ביים בעסטן ווילן:
בלויז די פּלעקן אויף דער זון!...)

און — —
ווי טיף כ'זאָל נישט וועלן האַסן די שווערד —
מוז איך פאָרט פאַר איר בייגן דעם קאָפּ.

ווי פאַר דעם איינציקן, מעכטיקן גאָט אויף דער ערד,
(אַחוץ געלט!!)
וואָס האָט נאָך אָ־דאָ, אָט־דאָ, אויף דער וועלט —
אַ שטיקל ממשות!

אַלדאָס אַנדערע, איז בלויז גאָלע דרשות.
און ווערטער — ווערטער — ווערטער! — —
וואָס ווילן דיר דערווייזן אָפּטמאָל
שוואַרץ אויף ווייס —
אַז שולדיק איז, למשל, נישט דער מערדער:
נאָר דווקא, דווקא — דער דערמאָרדעטער! *)

און —
אויב ציל הייליקט טאַקע אויף אַן אמת
אַלע, אַלע מיטל —
און לעבן איז — מיטל!
און ציל איז — טויט! —

טאָ וואָס וועל איך גיין דיר דאָ נאָכאַמאָל דערציילן,
אַז יעדע מלחמה, ווערט דאָ ווידער הייליק,
יעדער מאָרד — אַן עבודה!
יעדער קטיגור — אַ פאַרשווערער!
יעדער סניגור — אַ פאַברעכער!
און יעדער פּאַציפיסט — אַ וואַנדאַל!

און — —
דאָס ליד, אָ, דאָס ליד —
ווערט באמת שוין באַנאַל!...

*) זע פראַנץ ווערפעלס ראָמאַן מיט דעמזעלבן טיטל.

II

נאָר דאָס לעבן, אָ דאָס לעבן —
איז דאָך זיכער נישט באַנאַל!
און אויב פאַר מיר, פאַר דיר,
ווי פאַר טויזנט אַנדערע —
איז עס אָפט — פאַטאַל:

גיסטו קיינמאָל באהבה נישט אָפּ,
אפילו אין דיין גרעסטער נויט,
דאָס מינדסטע הערל פון דיין קאָפּ —
דעם טויט!...

וואָרים —
ווי טיף זאָלסט נישט וועלן פאַרגראָבן אין קברים
דעם טויט!
ווי אָפּפאַל,
אָדער קויט! —
אַלץ שטאַרקער פאַרגיין וועט דער שטאַנק זיך
פון זיינע בית־עולמ׳ס־אַבאָרטן — — :

פ אַ ר ד ע כ ט י ק ש מ ע ק ן ד י ב ל ו מ ע ן אין דיין גאָרטן!
צ ו פ י ל מ ע נ ט ש ל ע ך שפּירט זיך דאָס גרינס אין דיין קיך!

און דו? —
און איך? —

ווי מאַן און ווייב וועלן מיר אַדורכגיין דורכן לעבן צוזאַמען
און פאַרברענען דעם פחד אין פאַרצווייפלטן קוש:
קינדער וועלן פון אונז נאָך שטאַמען,

ווי ס'וואַקסט פון מיסט צומאָל אַרויס —
אַ רויז!...

III

ווייל די ליבע, אַך, די ליבע —
איז דאָך קיינמאָל נישט באַנאַל!
און אויב פאַר מיר, פאַר דיר,
ווי פאַר טויזנט אַנדערע —
איז זי אָפט פאַטאַל:

ווערסטו, תמיד אָ, תמיד זיין גרייט,
אויסצוגיסן אַ ים מיט טרערן —
פאַר אַ לאָגל פרייד!

ווערסטו תמיד, אָ, תמיד זיין גרייט,
אָפּצוגעבן אַ הימל מיט שטערן —
פאַר צוויי שיינע, מיידלישע אויגן,
וואָס זעען קיינעם נישט, קיינעם נישט מער,
אַחוץ דיך! —
און דיין גלאַנציקן, אייביקן פליך,
וואָס שיינט אַראָפּ פון דיין קאָפּ,
ווי אַ רונדער, באַלויכטענער גלאָב!...

אָדער —
(כדי צו זיין „פּאָעטיש" כאָטש לפנים)
ווי אַ פולע און רונדע לבנה:
דער איינציקער „ראָמאַנטישער" רעקוויזיט
אין אָט אָ-דעם מאָדנעם, ניכטערנעם
„ליבע-ליד"!...

IV

ווייל די ליבע, אָ, די ליבע —
איז דאָך קיינמאָל נישט באַנאַל!
און אויב פאַר מיר, פאַר דיר,
ווי פאַר טויזנט אַנדערע,
איז זי אָפט ברוטאַל —

ווייס:

דו ביזט פון פלייש —
ווי דער בוים פון האָלץ,
און די שטאָט פון שטיין!
כאָטש דו ביזט תמיד אַליין,
און וואַרצלסט נישט אינערגעץ,
און גייסט אינערגעץ נישט אויף,
ווי אַ קווייט —
ווי אַ בלום —
אָדער פשוט, ווי אַ גראָז. — —

נאָר געפינסט זיך שטענדיק אויף אַ שטראָז,
וואָס פירט אַרום און אַרום דיר בלויז,
און קיינמאָל נישט, קיינמאָל —
פון דיר אַרויס!...
— — — — — — — — —

און נאָך איינס:

אויב ביזט נאָר נישט קיין גרייז,
און דו „ליבסט" — —
ווי אַ הונט, ווי אַ קאַץ,
אָדער סתם — ווי אַ מענטש!

לאָזטו גערן דיר זאָגן אויף דער גאַס:
„מיין שאַץ!...״
און —
כאַטש אויף יעדן בוים־שטאַם זענען „הערצער״
פון דיינע צאָלרייכע ליבעס — „אויף אייביק!״
איינגראַווירט:

וואָלסטו „ווילד״ און מיט לוסט,
אַ נערה נאָך פאַרפירט
אונטער אַ וואַלדישן בוים —
אָדער אויף אַ פוסטן פעלד!...

ווייל ליבע, מוזטו וויסן, אין אַ גרויסער שטאָט —
קאָסט געלט!
און אָרעם, אָדער רייך:
ביים געשלעכטס־אַקט זענען אַלע גלייך!

און יונג, אָדער אַלט:
אין חופה־בעט באַנוצן מיר זיך אַלע מיט געוואַלט!

און אַלע, אַלע:
סיי הייליקער וואַנדאַל —
אין דער ליבע, אין דער ליבע,
זענען אַלע גלייך ברוטאַל!...

V

ווייל די ליבע, אַך די ליבע —
איז דאָך קיינמאָל נישט באַנאַל!...

וויפיל סיפיליס צעפרעסט די ליבע־פּאָרן — —
און די ליבע ווערט נאָך אַלץ נישט מיד!

וויפיל לידער האָט מען שוין פאַר איר געזונגען —
און דער דיכטער שפינט נאָך אַלס דאָס ליד!...

וויפיל האָבן שוין אין זעלבסטמאָרדן געענדיקט —
פון רעוואָלווער־קויל און גאַז־געריך און וועראָנאַל!
און די ליבע, און די ליבע, ווערט נאָך אַלץ נישט
סוף כל סוף באַנאַל!...

און ליבע, מוזטו וויסן, אין אַ גרויסער שטאָט —
קאָסט געלט!
און ווי איז צו די, וואָס פרירן פון קעלט:
זיי ווען אפילו (כידוע) נישט קריגן אומזיסט
אַ לעפל וואַרעמע גריץ —
נישט אַזוי — אַ וואַרעמע בריסט!...

און ווי איז צו די, וואָס האָבן נישט קיין דאַך —
און אַ שטוב אונטער דאַך —
און אַ טיש און אַ בעט —
און אַ ברויט צו דער זעט!...

פאַר זיי, אָ! פאַר זיי, איז וויכטיקער אַסך
אַ פּאָר גאַנצענע שיך — —
(ערשט איצטער זע איך!!)
ווי דאָס דאָזיקע „ליד"...

און אויב איך „זינג" עס פאָרט,
איז עס בלויז דערפאַר —
וואָס מיין איינציקע זאָרג,
איז, זעט אויס, — דאָס וואָרט!
און מיין איינציקער, אפשר גרעסטער צער —
איז אַ שלעכטער גראַם!...

# ליד צו א שטעקן!...

דו, וואָס נעכטן, ערשט נעכטן קוים —
געווען ביזטו צווייג! געווען ביזטו בוים!
געווען ביזטו האַנט פון אַ בוים, וואָס האָט
תפילה געטון צו אַ בוימישן גאָט!...

דו, וואָס נעכטן, ערשט נעכטן נאָך —
געווען ביזטו שאָטן איבער וואַלדישן מאָך!
געווען ביזטו נעסט פאַר אַ פויגל אין שטורם —
און געווען ביזטו שפּייז פאַר דעם מינדעסטן וואָרם!

דו, וואָס נעכטן, ערשט נעכטן קוים —
געווען ביזטו היים! געווען ביזטו טרוים
פאַר אַ היימלאָזן גייער, וואָס קניט און פאַלט
אַ מידער אַוועק — ביים ראַנד פון אַ וואַלד!

איך האָב דיך געזען היינט — אין דיין גאַנצער געוואַלט!!

איך האָב דיך געזען היינט פאַרוואַנדלט און גראָב —
זיך הייבן איבער אַ מענטשלעכן קאָפּ!
איך האָב דיך געזען היינט צעפּאָכעט און רוי —
זיך הייבן איבער אַ קאָפּ פון אַ פרוי!
איך האָב דיך געזען היינט צעיוכעט און בלינד —
זיך הייבן איבער אַ קעפּל פון... קינד!!...

איך האָב דיך געזען היינט, אָ! איך האָב דיך געזען
אין האַנט פון אַ יונג מיט אַ שאַרף און עמבלעם — —
אין האַנט פון אַ יונג, וואָס זיין נאָמען איז — מענטש!
וואָס זיין נאָמען איז נעכטן געווען נאָך מענטש!...

איך האָב דיך געזען היינט פאַרקראַמפט אין דער האַנט
פון דעם דאָזיקן יונג —
וואָס „זיינס" איז דער פאַרק! און „זיינס" — דאָס לאַנד!
און וואָס ער, נאָר ער —
האָט אַ רעכט צו באַווינען די דאָזיקע ערד!
און ער נאָר בלויז —
האָט אַ רעכט אויף אַ היים!
האָט אַ רעכט אויף אַ הויז!...

איך האָב דיך געזען אַזוי פרעך און אַנטבלויזט,
צעפּאָכעט און בלינד, צעיוכעט און גראָב —
זיך הייבן אַרויף און זיך לאָזן אַראָפּ!...
און זיך לאָזן אַריבער אַ מענטשלעכן קאָפּ —
פון איינעם, אַ קליינעם, צעשראָקענעם ייד!...

דו, וואָס דיין נאָמען געווען איז ערשט נעכטן נאָך —
צוויט!

און וואָס האָסט אַזוי גיך, איבער קאָפּ פון אַ ייד,
אין האַנט פון אַ יונג, אין אַ גרויזאַמער האַנט,
פאַרגעסן פון וואַנען און ווּעמען דו שטאַמסט — —

און אַז נעכטן נאָך האָסטו געקנאָספּט און געבליט!...

און אַז נעכטן, אָ! נעכטן ערשט קוים —
געווען ביזטו צווייג! געווען ביזטו בוים!...

# צו אַ פערד!...

דו ביזט נישט קיין מענטש! כאָטש פונקט, ווי ער —
האָסטו אויך אַזעלכע טרויעריקע אויגן!
און פונקט, ווי אים — איז דיר אויך אַוודאי שווער
צו שלעפּן אַ לעבן־לאַנג אַ לאַסט,
וואָס איז דיר אפשר, גלייך ווי אים —
פונקט אַזוי פאַרהאַסט!..!

דו אָבער, ביזט חלילה קיינמאָל נישט אין כעס,
ווי ער! —
פאַרקערט:
שטיל און מילד, ווי אַ פערד —
וועט דיר קיינמאָל נישט איינפאַלן,
אַז דיין איינציקע היים איז אַ שטאַל — און,
אַז דיין איינציקע, אפשר גרעסטע פרייד:
איז אַביסל האָבער מיט היי!

און קיינמאָל נישט, קיינמאָל, אפילו נישט אין חלום,
וועט דיר איינפאַלן חס ושלום —
אַז דאָס וואָס דו פרעסט — איז בלויז גראָז!
און אַז דו ווייסט אַליין נישט פאַרוואָס —
דו לעקסט אָפטמאָל אַליין די האַנט,
דיזעלבע —
וועלכע האָט דיך אין יאָך געשפּאַנט!...

און ווייל דו ביזט גוט — בעסער פאַר אַ מענטש!
און ווייל דו ביזט פרום — פרומער פאַר אַ מענטש!
און ווייל דו ביזט גערולדיק, געהאָרכיק און איידל —
גערולדיקער, געהאָרכיקער און איידעלער פאַר אַ מענטש:

האָט דיך גאָט ב״ה באַצייטנס געבענטש —
מיט אַזאַ לאַנגן און שיינעם ווידל!
און ער האָט דיר אין זיין רצון באַשערט —

אייביק אַזוי, אייביק צו בלייבן — פערד!...

# גראַמאַטיק

איך שטאַרב —
דו שטאַרבסט —
ער שטאַרבט —

מיר שטאַרבן — —

און איר — פאַניע „אָן אַ שיעור״ ?
איר שטאַרבט אויך ?? —

און וואָס וועט זאָגן אייער הויכגעשאַצטער בויך ? —
עס ליגט דאָך עפּעס באַגראָבן דאָרט אַ מטמון !!
נישט אומזיסט אייער אַלטער פּזמון :
„אַז מען שפּאָרט — האָט מען !״
נו, יאָ : „אַז מען רופט — מוז מען !...״

וואָס ? — —

אויף אייער פליך וועט וואַקסן, גראָז,
פּונקט דאָרט, ווו אַמאָל — נולן ! —
(צו דער לאַנגער „איינס״ פון אייער נאָז.)
איצטער אָבער, ווען אויפגעהערט זיך האָבן
אַלע צאָלן — צאָלן — צאָלן — —
און מ׳וועט אייך פינקטלעך און פשוט באַגראָבן,
אינאיינעם מיט שימעלע פּאַרך, מאָטל פּאַסטריגע,
אייזיק בולבע און יאָסעלע מאַמאַליגע ;

און דער עיקר —
מיט דער גרויסן קבצן — יואל שיכּור!...

ווען אייער נאָז צעפּרעסן די ווערעם,
און פון אַלע אייערע נולן, נולן, — —
וועט ווערן איין גרויסע, קיילעכדיקע זעראָ:
א י י ע ר ל י י ד י ק ע ר ש אַ ר ב ן !...

אַוודאי אַוודאי, מוז מען שטאַרבן!

איך שטאַרב —
דו שטאַרבסט —
ער שטאַרבט — —

האַ?
אַ גראַמאַטיק אַזאַ —
וואָס?...

אָבער „דאָס" איז נאָך אַלץ נאָך נישט דאָס —
וואָס „איר"! — —
איר זענטעך עפּעס אַ גביר!!!

מילא — מיר, יאַק מיר!
אָבער — איר??...
איר זענטעך עפּעס נישט אַבי־ווער?!
אַ קלייניקייט, אַ קלייניקייט — ר׳ אַנטשל־בער!!...

אמת, שטאַרבן מוז טאַקע יעדער! —
אָבער איר זענטעך עפּעס געפּאָרן אין די בעדער,
און געהיילט זיך ביי די בעסטע פּראָפעסאָרן —
אַ בראָך צון אייערע יאָרן!...

נאָר נישט קשה — אַ „טרייסט" אייך!
איר ווייסטעך:
ביים לעבן האָט אייך געדינט די מאַטעמאַטיק,
איצט — דאָס ביסעלע גראַמאַטיק:

איך שטאַרב —
דו שטאַרבסט —
מיר שטאַרבן —

נו, מילא — וועט איר אויך שטאַרבן!

נאָר וואָזשע דען?
פאַרגעסט נישט לעמאַנעשעם —
אַז נאָך „איר", גייען — „זיי"!
די לעצטע אין ריי —
און די גרעסטע אין צאָל!

און ווי תמיד, ווי אַלעמאָל,
נאָכדעם, ווי איר,
ר ע ב ג ע ו ו י ר —
וועט בקרוב דערלעבן צו שטאַרבן:

וועלן זיי —
אָט־די לעצטע אין ריי,
און די גרעסטע אין צאָל!
ווי תמיד, ווי אַלעמאָל —
אויף אייער קבר קומען,
(ווער מיט דערנער, אָבער קיינער נישט מיט בלומען!)
און א י י ך! א י י ך! —
וואָס איר וועט מערטשעשעם גרונטלעך שטאַרבן:
אַ ר ב ן ! ! ! . . .

## מיין זיידע – דער פילאזאף!

I

„מיט יעדן טאָג וואָס פאַרגייט –
אַלץ ווייטער, ווייטער די פרייד.
מיט יעדן טריט אויף צוריק –
אַלץ נענטער, נענטער צום גליק!...

„ווייל גליק איז נישט דאָס, וואָס ס'דאָ –
נאָר דאָס, וואָס ס'איז לאַנג שוין נישטאָ!
און דאָס, בלויז דאָס, וואָס פאַרגייט –
איז פרייד!..."

*

אָט אַזוי האָט גאָט ב"ה מיין זיידן געשטראָפט –
אויף דער עלטער צו רעדן הויך פונם שלאָף.

ווייל אין שלאָף – ווייל אין שלאָף – –
פלעגט ער פאַשן מסתמא אַ טשערעדע שאָף.

און אָפּנאַרן לבן הארמי מיט ליסט –
און אויסנאַרן רחלען ביי אים אומזיסט!...

ווייל אין שלאָף — ווייל אין שלאָף — —
פלעגט מיין זיידע, רעב בערל זיין אַ פילאָזאָף!

האָ, האָ! שוין איינמאָל — אַ פילאָזאָף!...

און ווי אַן אמתער פילאָזאָף —
פלעגט ער קומען געוויינטלעך צו אַזאַ מין סוף.

*

„לעבן! —
וואָס איז לעבן?
אַ שטאַרבן! —

אַן אומאויפהערלעך, פּאַמעלעך פאַרדאַרבן!

„אַן אָפּגיין פּאַוואָליע אַיעדע מינוט —
מיט פרישן, מיט קוואַליקן בלוט!

„אַן אייביק, אומענדלעך פאַלן פון שטערן!
אַ כסדר און אייביק פאַרצערן! — —

מיט איין וואָרט:
„אַן אומאויפהערלעך עלטער ווערן!!...״
— — — — — — — — — —

און דערביי פלעגט ער אויסבייטלען אַלע חלומות
אויף קעפּ פון די „פירער״ פון דער „היינטיקער וועלט״:
„וואָס ווייסן שוין מער בישט, וואָס דאָס אַ בוים איז —
און ווייסן נאָר איינס: וואָס מאַכט איז און געלט!

וואָס האָבן פאַרגעסן, וואָס דאָס אַזוינס איז —
אַ בוים, צי אַ בין, אָדער פּשוט — אַ בוינעס!
און ווייסן נאָר איינס: וואָס אַ קויל איז, אַ שווערט,
און וואָס דאָס באַדייט, ר״ל — מלחמה אויף דער ערד!...

ובאשר? בכן?... פאַרוואָס? — — —

*

ווייל דאָרט, וווּ אַמאָל ס׳איז געוואַקסן גראָז —
וואַקסט היינט בלויז שטיין!
און דאָרט ווו אַמאָל ס׳איז געשפּרונגען אַ האָז —
הענגט זיין געביין!

ווייל דאָרט, ווו אַמאָל ס׳האָבן וועלדער געלעבט —
גרילצן טורבינען!
און דאָרט ווו אַמאָל ס׳האָט דער אָדלער געשוועבט —
פליען... מאַשינען!

„ווייל דאָרט, ווו אַמאָל ס׳האָבן ביינער גערוט —
יאָגן היינט באַנען!
און דאָרט ווו אַמאָל ס׳האָט אַ מדבר געבריט —
הודזשען טראַקטאָרן!!...
— — — — — — — — — — —

און דאָרט ווינען מענטשן, נאָר יעדער אַליין.
און יעדער פאַר זיך בלויז גריזשעט אַ ביין.

און קיינמאָל נישט וועלן זיי זיך פאַרשטיין.
און קיינמאָל נישט וועלן זיי גליקלעך זיין!...
— — — — — — — — — — —

*

אַזוי ווייט — מיין זיידע, אַזוי פּלעגט ער טענהן,
מיט אויגן געווענדטע צו מיר — און אפשר צו קיינעם ?
און אפשר מיט ווערטער, נישט אַזעלכע „שיינע״ ? —
דער עיקר — דאָס, מער ווייניקער, פּלעגט ער מיינען !...

II

באַר איך זיין אייניקל, בין נישט קיין פילאָזאָף —
און דערפאַר רעד איך קיינמאָל נישט אויס פונם שלאָף ;

באָר קלאָר, צו דער זאַך, און פולקומען ניכטער —
ווי ס׳רעדן געוויינטלעך — גאָר הײַנטיקע דיכטער !

און זאָגן, זאָג איך אָט וואָס :
מאַלע גראַז, יאַק גראַז !...

מיך קאָן, למשל, אַ פאַבריק־סירענע —
גיכער דערוועקן, ווי דער קריי פון אַ האָן !
מיך קאָן די פיין פון מיין זיידעס גיהנום —
ווייניקער שרעקן, ווי דער שמאַרץ פון אַ... צאָן !

ווייל איך זיין אייניקל („יימח שמו !״)
קאָן פיינט האָבן אַ ייד הײַנט,
פונקט, ווי אַ גוי — —

און קאָן, למשל, — אַ הייב־מאַשין,
אַ ראַדיאָ־לעמפל, אָדער אַ גווינט —
פונקט אַזוי ליב האָבן, ווי אַ בין,
אָדער ווי בלומען, אָדער אַ קינד !

און דערפאַר קאָן איך היינט שוין מיין זיידן נישט פרעגן,
נאָר פשוט אים רעדן „שקציש“ אָקעגן:

*

מיט יעדן טאָג, וואָס פאַרגייט —
אַלץ יינגער, שטאָלצער די צייט!
און יעדער טאָג, וואָס קומט אָן —
איז אַ נייע, אַ פלאַטערנדע פאָן!

און לעבן —
וואָס איז לעבן?

א ג ע ב ן!

אַן אויפהערלעך, אומענדלעך וועבן
פון נייע און פאַרביקע שטאָפן!

אַ סוף צון אַלע סופן!!...

אַ הימל פון נייע, אַלץ נייע שטערן!
אַ כסדר און אייביק געבוירן ווערן!

מיט איין וואָרט:
אַן אומאויפהערלעך י י נ ג ע ר  ו ו ע ר ן!...

— — — — — — — —

*

און גליק — וואָס איז גליק?
דיזעלבע פאַפירענע בריק.

וואָס איינעם פירט זי אַוועק —
צו פאַרגאַנגענע, נעכטיקע טעג!...

דעם צווייטן צו דעם, וואָס ס׳דאָ! —

און דעם דריטן צו דעם, וואָס קומט —
און ס׳איז נאָך נישטאָ!!...

# א בריוול — משה לייבן!...

(צום פערטן יאָרצייט פון
משה לייב האַלפּערן !)

משה לייב, משה לייב! זיי נישט ברוגז אויף מיר,
וואָס עך שרייב ערשט איצטער אַ בריוול צו דיר!

פיר יאָר זענען טאַקע אַסך אויף דער וואָר —
פאַר דער אייביקייט אָבער — וואָס זענען פיר יאָר?...

אַ קיי און אַ שפּיי, אַ צאַפּל און — שוין!
אַ ברוכטייל פון אַ סעקונדע קוים! —

און דו זיצטעך היינט אין איר סאַמע „שפּיץ":
גלייב מיר, משה לייב, — ס'איז נישט קיין וויץ!

פונקט, ווי ס'איז נישט קיין שפּאַס, וואָס עך שרייב
צו דיר איצט דאָס בריוול — אָ, משה לייב!...

טאָ זיי נישט ברוגז און האָב קיין פאַרדראָס,
און זאָל זיך דיר דאַכטן, אַז.. „זאַמד איז גראָז!.."

(געדענקסט?!) — —

און זאָל זיך דיר דאַכטן אויכעט אַצינד —
אַז סאיז דער בריוועטרעטער — אַ פשוטער ווינט,

וואָס טראָגט אָפּ דאָס בריוול פון דאַנגען „אַהין” — —
(אפשר ווייטער אַביסל, ווי פון זלאָטשעוו קיין ווין

און ווייטער, ווי ביזקל ניו-יאָרק אפילו!...)
אָדער אַזוי ווי מ׳שיקט אָפּ אַ תפילה —

צום רבונו של עולם אַרויף אין זיין הימל.
נאָר שטילער אַביסל, אין אָן אַזאַ טומל, —

ווי דער שטייגער ביי יידן, ווען ס׳ברענט די שעה,
און די גזרה איז גרויס און קיין פרנסה איז נישטאָ!...

אָט אַזוי זיך, אַ בריוול — אויף פּשוט פּאַפּיר,
אין גראַמען מסתמא — כמעט ווי אַ שיר!...

און אינגאַנצן כמעט, ווי נאָכגעמאַכט דיר. —
אַז אָך און וויי איז צו מיר און צו דיר,

וואָס עך שטעל זעך אונטער נאָכמאַכן דיר. — —
משה לייב, משה לייב! זיי נישט ברוגז אויף מיר!...

*

און איצטער נאָך אַזאַ לאַנגן „אַריינפיר” —
ווילסטו וויסן אַוודאי, וואָס עך פאָדער פון דיר?

איז זאָג איך דיר תיכּף, — אַז גאָר שבגאָרנישט!
אָט, סתם זיך, אַזוי זיך, צערעדט פון געמיט! —

פון „יענעם” צעקאָכטן, צעברויזטן „געמיט”. — —
זעט אויס, משה לייב — געוואָלט שרייבן אַ ליד!

זעט אויס, משה לייב — געוואָלט זיין ׳זויזוי דו! —
כאָטש מישטיינסגעזאָגט — ווי קום איך דערצו?...

נאָר וואָזשע דען? מיר זענען דאָך פאָרט —
פון דעמזועלבן קאַנט!.. און ווי זאָגט מען עס דאָרט?

פאָרט „גאַליציאַנער״! — טאָ זייזשע אַזוי גוט,
און „פאַרשרייב״ מיר פון „דאָרט״ דיין רעשט ביסל בלוט.

וואָס איז דיר נאָך זיכער פאַרבליבן פון ד׳רערד! — —
(ביי 46 יאָר צו שטאַרבן — דאָס איזט אונעהערט!!...)

און זע, „מאַנעשעם״ און פאַרגעס מיר נישט פאָרט,
אַריבערצופעקלען דעם רעשט פון דיין וואָרט —

יענץ גרויסע וואָרט פון דיין גרויסן ליד,
וואָס האָסט עס דאָ איבערגעלאָזט אין דער מיט —

און וואָס דאַרפסט עס איצטער, אויף כפרות דאָרט,
צווישן לויטער מתים, אויפן הייליקן אָרט! — —

און דעם האָן פאַרגעס נישט, — דיין האָנישן קריי,
וואָס דערמאָנט עפּעס מאָדנע אָן א לייבן-געשריי,

און וואָס זאָגט אַזוי „שקציש״ דעם מאָרגן אָן! — —
משה לייב, משה לייב, — שיק מיר דעם האָן!...

און דאָס שיקסל דיין זיידנס — אָ, זאָג ווו זי וווינט?
כ׳וויל גיין צו איר זען, צי ס׳האָט זיך געלוינט,

אַזש פון סאַמע ניו־יאָרק, זיך דערמאָנען אָן איר,
און שרייבן דאָס ליד פון די לידער צון איר?!...

און גינגילי, זאָג, אָ! גינגילי — ווער איז?
צי איז זי דאָס אפשר אַן ענגלישע „מיס"?

אָדער גאָר אפשר — פון אַלדי גליקן:
איז זי גאָר ביילטשע, וועל בערטאַ פאָן דזשיקע?...

מילא וועגן זרחין, איז שוין אָפּגערעדט! —
צון עים דאַרף מען גאָרנישט זיין קיין פּאָעט.

צו קענען אַזש טרעפן, ווער דאָס איז פּאַר אַ „סטאַר":
זיין „תורה" איז דאָך ממש — ווונדערבאַר!...

און — — זאָג נאָר, אָ, משה לייב! משה לייב!
כאָטש עך האָב דיר נאָך זיכער ביים לעבן געגלייבט,

נאָר ביזטעך, ווי זאָגט מען? פּאָרט נאָר אַ מענטש בלויז געווען:
צי... איז טאַקע אזוי, — ווי דו האָסט „עים" געזען

אין "Memento mori" — דיין ווונדערלעך ליד —
אַזוי צווישן צען, אָדער עלף אינדערפרי? — —

אָדער האָסט „עים" אַזוי נאָר בלויז „אויסגעטראַכט" —
און ער איז טאַקע נאָר. ווי מ'זעט אים באַנאַכט,

„פונקט" זייגער צוועלף — ווי אַ פּראָסטן סקעלעט?!... —
אָט אַזוי, ווי ס'זעט אים — לאַוו דווקא אַ פּאָעט.

נאָר אַ פּשוטער ייד – פון פּאַווע און סמאָטשע,
וואָס וויל נישט שטאַרבן – נישט נאָר אין זלאָטשעוו.

נאָר אפילו... אפילו... אויף ניזקע־גאַס –
ווי ער האַלט אַ געוועלבל מיט וואַסער אויף גאַז!..

– – – – – – – – – – – – – –
– – – – – – – – – – – –

און איצטער, צום סוף, – אַ בקשה צו דיר:
אויב וועסטעך אַמאָל דאָרט דערמאַנען אין מיר,

און וועסטעך אין חלום מיר וועלן טון אַ יאַווע:
באַווייז דעך פאַר מיר אין געשטאַלט פון אַ פּאַווע,

יענער „גילדענער פּאַווע”, מיטן לאַנגן עק! –
כאָטש ווי דו ווייסט – בין עך ווייט פון שרעק,

נאָר ווייסעכוואָס? – ווי אַ זאַך מאַכצעך?! – – –
עך בין דאָך נאָך פאָרט נאָכנישט אַלט קיין אַכציק!

און שטאַרבן, ווי דיר איז געוועזן באַשערט –
ביי זעקס און פאַרציק – דאַס איזט אונערהערט!!...

# צו גאָט!...

(רענען)

א.

אָ, גאָט! —
וואָס דײַן נאָמען רוף איך אָן הײַנט בלויז צו שפּאָט!
און וואָס דו, נאָר דו אפשר אַליין —
און אַחוץ דיר אפשר — דער בוים, דער באַרג און דער שטיין!
און אַחוץ זיי, פון מענטש אפשר — אַ פרומע, אַ לויטערע טרער:
גלויבט אין דיר הײַנט קיינער שוין נישט מער!...

זאָג: פאַרוואָס איז מיר שווער —
אַזוי אָפטמאָל פײַנלעך און אומדערטרעגלעך שווער —
אָן דיר צו זײַן?! — —
און פאַרוואָס, אָ, פאַרוואָס פיל איך מיך אָפטמאָל קליין,
אַזוי אוממעגלעך, אומענדלעך, אוממענטשלעך קליין —
ווען איך דערמאָן מיך בלויז:
ווי גרויס! —
ווי אוממעגלעך, אומענדלעך, אוממענטשלעך גרויס —
דו פלעגסט דיך אַמאָל און מיר צו צעוואַקסן!... — —

— — — — — — — — — — — — — —

הײַנט בין איך שוין גרויס — בין איך אַליין שוין „גרויס"!
און הויך, הויך — העכער אפילו פון מײַנע אייגענע אַקסלען!

און העכער, אַסך העכער פון דיינע שטאָלצע הייכן —
צו וועלכע אַ קינד אפילו קאָן שוין היינט דערגרייכן!...

ווייל היינט —
זענען קינדער אפילו פון חלום שוין אַנטוויינט!

און זיי ווייסן שוין, ווייסן דערפון:
„אַז די ערד דרייט זיך אַרום דער זון!"
„אַז דער מענטש שטאַמט פון אַן אַף!..."

און אַז אַפילו דו אָ, גאָט! —
ביזט בלויז אַ באַשאַף,
פון דעם מענטש און זיין טרוים —
אַמאָל — אַמאָל — —
ווען ער איז נאָך אַליין געווען אַ קינד קוים!...

ווייל היינט —
גלייבן אַפילו שוין קינדער נישט מער אין קיין וואונדער!

ווייל היינט —
פאַרגעס עס נישט, אָ! מיין אַלטער, אַמאָליגער פריינט:
איז פאָרט שוין דער XX-טער יאָר-הונדערט!!...

ב.

נאָר כאָטש אַזוי —
נאָר דאָך אַזוי —
זאָג:

פאַרוואָס ווייננט פאָרט אַזוי דיין טאָג
אַיעדן אינדערפרי — מיט טוי?

און מיט ראָסע באַגיסט זיך איעדע נאַכט —
דיין נאַכט?!...

און פאַרוואָס, אָ! פאַרוואָס —
בין איך מקנא דאָס גראָז,
וואָס וואַקסט און וואַקסט —
און ווייסט אַליין נישט פאַרוואָס?

און פאַרוואָס, אָ! פאַרוועך —
בין איך מקנא דאָס קינד,
וואָס וויינט און וויינט —
און ווייסט אַליין נישט,
פאַר וועלכע זינד?...

און וואָס, אָ! פאַרוועמ׳ —
האָט עס מורא ביינאַכט,
ווען דו שרעקסט עס מיט אַ
ווינט —
וואָס וויינט און לאַכט
דורך אַ קוימען אויף אַ דאַך?!..

און וואָס, זאָג! פאַרוואָס —
קאָן מען האָפן, קאָן מען גלויבן אין דיר,
נאָר דעמאָלט —
ווען צו מענטש, ווען צו וועלט —
איז פאַרהאַקט נאָך די טיר!
און דער שכל איז צו —
און דאָס אויג איז פאַרשטעלט,
און דאָס האַרץ איז נאָך בלינד,

איז נאָך טויב —
איז נאָך שטום — —
און די נשמה איז פאַרמאַכט,
ווי אַ שטילע, אַ ווייסע וואַסער־בלום —
אַקעגן נאַכט אַלץ־גוטס־געדאַכט ?!...

ב.

אָ ! צווּאָס, נאָכוואָס האָסטו אַזוי געמאַכט
איך זאָל שטיין פאַר דיר היינט,
ווי פאַר אַן אַנטבלויזטער פרוי :
אומפאַרשעמט אַזוי —
און פרעך —
און שלוי ! — —
ווי נאָר פרעמדער מאַן קאָן שטיין
פאַר אַן אַנטבלויזטער פרוי ! —

און נישט אַזוי —
און נישט אַזוי —
ווי דו האָסט עס דיר, סוף כל סוף, פאַרדינט :

אויף די קני!
אויף די קני! —

ווי אַמאָל —
אַמאָל — —
אין דער נאַכט פונם לעבן :
ווען ס'האָט נאָך דער מענטש דיר
אַלץ אַוועקגעגעבן —
אַפילו —
דאָס אייגענע לעבן !!...

ד.

וואָרים גלייב, אָ! גלייב מיר,
אַז מיר, אָן דיר —
איז אָן אַן ערך, איז אָן אַ שיעור
שווערער —
ווי דיר אָן מיר!...

און אַז ערגעץ, אַז ערגעץ־ווו —
אין אַ ווינקעלע ערגעץ —
אָן דער זייט פון מיין ברוסט:
איז ליידיק היינט —
און פּאָרכטיק —
און פּוסט!

און אַז קיינער, אָ! קיינער ביז היינט,
האָט נאָך דאָרט —
האָט נאָך פּאָרט —
נישט פאַרנומען דיין אָרט!

אָ, דו —
מיין אַלטער, מיין גרויסער, פאַרצייטיקער פריינט!..

ה.

מאַך, אָ מאַך עפּעס צוריק אַזוי —
איך זאָל בענקען נאָך דיר,
ווי איך בענק נאָך אַ פרוי,
וועלכע איז פון מיר אַוועק,
און איבערגעלאָזט אין מיר —
אַ גרויסע, אַ גרויזאַמע שרעק:

פאַר אַליינזיין!
פאַר קיינזאַם!
און טויט! — —

טו, אָ! טו עפּעס צוריק אַזוי —:
אַז דיינע הימלען זאָלן זיין תמיד בלוי —
און דיין ערד טאַקע באמת — אַ גן־עדן!...
און דער מענטש — ד י י ן מענטש!
טאַקע שטאָלץ! טאַקע גרויס! —
און דאָך אַזוי — באַשיידן!...

און זיין בלוט — יאָ, ד יי ן בלוט:
גוט! —
כאָטש ווייניקסטנס פּונקט אַזוי —
ווי עס קאָן זיין שלעכט!...

זע, אַז קיינער זאָל נישט דאַרפן זיין גערעכט
און קיינער, קיינמאָל נישט — אומגערעכט!
און עס זאָל נישט זיין מער קיין האַר —
און אוודאי נישט קיין — קנעכט!

און —
מיר זאָלן טאַקע אַלע, אויף אַן אמת,
אָפּגעהיטן ווערן פאַר צער —
און פאַר שאַנד, און פאַר שפּאָט!...
אינאיינעם מיט דיר טאַקע —
אָ, אַלטער, פאַריתומטער גאָט!

און למען השם — למען השם,
פאַרגעס נישט:

כאָטש דו אַליין עסט נישט —
און שלאָפסט נישט — און
ביזט, אַזויצוזאָגן, אייביק
זאַט און אייביק וואַך:

(אָ, זאָלסט מיך פאַר די רייד נישט שטראָפן!)

דאַרפן פאָרט נאָך אַלע דיינע מענטשן
עסן און שלאָפן! — —
דהיינו: אַ ברויט! און אַ דאַך!
און עפּעס צום ברויט —
און עפּעס אונטערן דאַך! — —

און —
אָסור — אויב דאָס איז אַסך!...

ו.

אָ, גאָט! —
אויב ס'שמעקן דיר אויף אַן אמת, שוין מער נישט קיין בשׂמים,
און אויב דו ווילסט טאַקע, אויף אַן אמת, אַז דיין באָמען,
זאָל מער נישט דערמאָנט ווערן — נאָר בלויז צו שפּאָט!
און דו באַגערסט, אַז די מענטשן, דיינע מענטשן —
זאָלן דיך קיינמאָל נישט שעלטן, נאָר טאַקע בענטשן!
און טאַקע, טאַקע — צוריק אין דיר אָנהייבן,
אויף אַן אמת גלייבן:

זע, און וויל זיי נישט מער שוין צו דיר נאָך דערהייבן!
נאָר נידער, נאָר קריך אַראָפּ פון דיינע שטאָלצע הייכן —
און זאָל דיך איעדער איינער קענען דערגרייכן!
און זאָל דיך קיינער נישט דאַרפן מער בעטן,
און נישט חנפענען — און נישט גלעטן —

און נישט ציטערן — און נישט פאַרכטן —
און נישט מער קנעכטיש און בלינד דיר געהאָרכן!...

נאָר זע — און זיי אַ מענטש!
אַזאַ גרויסער, גרויסער מענטש —
צווישן קליינע, גראָע מענטשן!...

און גלייב, און גלייב, אָ! גלייב כאָטש דו,
אַז ס׳וועט נאָך ווענס מוזן קומען דערצו —
אַז ס׳וועט נאָך זיין טאַקע גוט אויף דער ערד:

אַז אַקערס וועט מען מאַכן נאָך טאַקע פון הארמאַטן!
(אָדער, ווי דו וואָלסט געזאָגט: פון אַ שווערט!)
און פון אַלע פינסטערע גרויל-קאַזאַמאַטן —
וועט מען מאַכן שפיטאָלן!
און פון אַלע תפיסות —
שולן!
און פון אַלע ריזיקע קריגס-בודזשעטן —
וועט מען אויפבויען גרויסע, ריזיקע פאָלקס-אוניווערזיטעטן!...

ווו לערנען וועט מען אַלע מענטשן —
גוט זיין! —
די קליינע — גרויס זיין!
און די גרויסע — קליין זיין!...
— — — — — — — —

אָט אַזוי טו איך — גרויסער גאָט!
אין מיין קליינקייט דיך ראָטן:

— הקטן —
דוב בן מנחם מענדל
ובן איידל ע״ה —
בת בענעדיל!

# אפשר?...

נאָך אַ ליד, און נאָך אַ ליד, און נאָך אַ ליד— —
מיר זענען שוין פון אָט די אַלע לידער מיד!

מיין גאָט! צוואָס אַזויפיל „גליק״? —
גענוג!!!

אפשר —
ווען ליד זאָל זיין אַ פיידע ברויט,
אַ ציגאַר־טוטין,
אַ בויר־מאַשין!
אָדער —
אַ נייע דערפינדונג אין דינסט פון טויט!...

אפשר —
ווען ליד זאָל זיין אַן אויטאָמאַטישער רעוואָלווער
אין האַנט פון אַ טשיקאַגער באַנדיט! —
אַ נייער אויפרייס פון דינאַמיט —
דער לעצטער באַריכט פון ספּאָרט —
אַ ניי געזעץ, וועגן דערלויבטן אַבאָרט!...

אָדער —
ווען ליד, זאָל כאָטש ווייניקסטנס הייסן —
נישט ליד!

נאָר זאָגן מיר: איפּעריט, גאַמביט,
האָקעי, טעניס, פּינג־פּאָנג! — —
אָדער סתּם זיך אַזוי, אַן עקזאָטישער נאָמען,
ווי, כ'ווייס? — טשינג־טשאַנג־טשאָנג!...

אפשר —
וואָלטן מיר דעמאָלט קיינמאָל נישט געוואָרן מיד —
צו הערן נאָך אַ ליד, און נאָך אַ ליד, און נאָך אַ ליד!
און צום גליק —
וואָלט טאַקע אפשר נישט געטויגט דער „גאַליצישער" גראַם:
גענוג!...

ווען דו לייענסט אַ פּאָעטיש ווערק, מוזטו האָבן דאָס געפיל, גלייך דו וואָלסט צום ערשטן מאָל געזען די וועלט. און כאָטש דו האָסט דאָך אויגן אייגענע, וואָס האָבן אפשר מער געזען שוין פון פּאָעט — באָרגסטו געּרן דיר זיינע אויגן אויס, זיי זאָלן דיר די וועלט באַווייזן, נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל איר אַ נייעם נאָמען געבן. און כאָטש דו האָסט דאָך אויערן אייגענע, וואָס האָבן שוין אַסך, אַסך זיך אָנגעהערט — באָרגסטו געּרן דיר זיינע אויערן אויס, און ס׳קומט דיר עפּעס מאָדנע, מאָדנע אויס: גלייך דו וואָלסט צום ערשטן מאָל געהערט דאָס וואָרט!...

וואָרום די אויפגאַבע פון פּאָעזיע, פון דער עכטער, פון דער גרויסער — איז נישט נאָר, דאָס רעדן אירס צו אונזער געפיל, צו אונזער אינטימער וועלט, איז נישט נאָר איר ווירקן אויף דער עמאָציאָנעלער ספערע פון אונזער אינערווייניקסטער, פּסיכישער ווירקליכקייט — נאָר אויכעט און אפשר דער עיקר: דאָס קענען אויפבויען און אַנטפּלעקן פאַר אונז אַ נייערע, אַ פולערע און אַ גאַנצערע וויזיע פון דער וועלט אַרום אונז און אין אונז. דער שאַפונגס־פּראָצעס פון אַ דיכטער איז דער אייביקער פּסיכאָ־דינאַמישער פּראָצעס פון אנטדעקן און דעראָבערן אַלעמאָל נייע און ביז אַהער אומבאַקאַנטע, אָדער בלויז געאַנטע „ערד־טיילן“ אין אונזער טיף־מענטשלעכן און קאָסמישן

באַוווסטזיין. אין אַ גרויסער לירישער שאַפונג אַנ־שטייט תמיד אַ וועלט, וועלכע איז פריער נישט געווען. דאָס פּאָעטישע וואָרט, אָדער בילד, ווערט געבוירן אין אונ־טערבאַוווסטזיין פון פּאָעט אין אַ צושטאַנד פון אינטוי־איטיווער העלזעערישקייט, וואָס דערמעגלעכט דעם פּאָעט, דעם קינסטלער, צו דערזען און באַווייזן דאָס ביז איצט נישט דערזעענע און צו דערפילן דאָס ביז איצט נישט דערפילטע און אומבאַקאַנטע, אָדער קוים־געאַנטע — און עס געשטאַלטיקן, פאָרמירן און פאָרמולירן אַזוי, ווי קיינער נישט ביז אים און נאָך אים.

אָט דאָס ערשטמאָליקע און איינמאָליקע זעען, גע־שטאַלטיקן און פאָרמולירן — איז די גרויסע, שאַפערישע אויפגאַבע פון דער גרויסער, שאַפערישער קונסט, וועלכע קומט פון אַן איבערפלוס, פון אַ גרויסער שפע פון זעען און דערקענען, ברענגט די גאולה פון אָט דעם איבערפלוס, ראַטעוועט אַרויס פון אים, מיט דער הילף פון קינסטלערי־שער סעלעקציע, אָדער אָפּקלייב — פון אַזויפיל און אַזויפיל עלעמענטן — די סאַמע טיפּישסטע און אַמערסטן כאַראַק־טעריסטישסטע און די סאַמע סימבאָלישסטע פאַר דער גאַנצער דערשיינונג, וועלכע באַווייזט זיך געוויינלעך פאַר אונז, אין איר אומגעהוירן דורכאַנאַנדער, אין איר שפע־דיקער פאַרפלייצונג און אין איר גרויסן און רייכן, אָבער כאַאָטישן איבערפלוס.

— — — — — — — — — — — — — —

אָט אַזוינע און ענלעכע געדאַנקען וועגן קונסט, וועגן פּאָ־עזיע, זענען מיר געקומען אויפן זינען, בעת איך האָב זיך פאַרנומען מיטן צוגעגרייטן צום דרוק מיין לעצט בוך לידער, דאָס פערטע אין דער ריי, און צום צענטן יאָרטאָג פון מיין ערשטן ביכעלע א. נ. „אָפּשוים", וואָס איז דערשינען נאָך אין ווין — 1927. און עס איז מיר באמת געווען אַ פליכט צו

קאָנסטאַטירן, צי די פּאָעזיע, געזאַמלט אין אָט דעם איצ־טיקן בוך מיינעם, דער סך הכל און אפשר די לעצטע שורה פון צען יאָר פּאָעטישער שאַפערישקייט — שטאַמט טאַקע פון אָט יענעם גרויסן איבערפלוס פון דיכטערישן זעען און טיפן מענטשלעכן באַקענען, און צי אָט די צעשפּליטערטע און צעוואָרפענע פּאָעזיע מיינע איבער גאַנצע פיר ביכער און צענדליקער צייטונגען און צייט־שריפטן, שעפּט טאַקע איר יניקה פון דאָרט, פון וואַנען עכטע, טיף־ און לאַנג־אויסווירקנדיקע פּאָעזיע שעפּט, דאַרף שעפּן איר לעבנס־זאַפט: פון אינספּיראַציע?!...

וואָרום וואָס איז דען פּאָעזיע, אָן אינספּיראַציע? אַלץ אין דער וועלט, נאָר נישט קיין פּאָעזיע. איז זי דאָך דער איינ־ציקער לעבנס־קוואַל פון אַלע עכטע קינסטלער! און צו איר קו־מען שעפּן פולע עמערס, אין זייערע שטילסטע און לוי־טערסטע שאַפונגס־שעהן, אַלע די, וועמען ס'איז אָנגעצייכנט געוואָרן צו זיין פּאָעטן צווישן מענטשן, אויף וועלכע זיי דאַרפן ווירקן מיט דעם צויבער פון זייער וואָרט, מיט דער פאַרב פון זייער בילד און מיט דער אויסדרוק־קראַפט פון זייער פּאָעטישער וויזיע.

אָבער וויפל איך האָב זיך נישט באַמיט צו זיין „אָביעק־טיוו" און אַרויסגיין פון זיך, זיך שטעלן אָן א זייט און זיך באַטראַכטן קיל און זאַכלעך, ווי אַ פרעמדן, פּאָעטישן אָב־יעקט — איז עס מיר קיינמאָל נישט געלונגען. (און נישט נאָר מיר אַליין בלויז). אָדער, אָדער: אָדער איך האָב זיך איבערגעשאַצט, אָדער אונטערגעשאַצט. די ריינע, אָביעק־טיווע אָפּשאַצונג איז קיינמאָל נישט געקומען. נישט פון אינעווייניק און זעלטן-ווען פון דרויסן. די פּאָר געציילטע רעצענזיעס וועגן מיינע ביזאיצטיקע ביכער קענען דאָ בכלל נישט קומען אין בעטראַכט. זיי האָבן מיר ווייניק־וואָס גע־זאָגט און נאָך ווייניקער געגעבן. אָבער וואָס קען מען דען

פֿאַרלאַנגען פֿון אַ פּשוטער רעצענזיע? אין בעסטן פֿאַל — אַ וואַרעם וואָרט, אַ אויפֿמונטערונג צום ווייטערדיקן שאַפֿן. אָבער אויך דאָס איז מיר געקאַרגט געוואָרן. און אפֿשר האָב איך עס פֿאַרדינט? ווער ווייסט? זעלטען־ווען איז געקומען דער דרויסנדיקער אָנוווּנק, דער אויפֿריכטיקער מאַדעל, נאָך זעלטענער — דער צאַרטער גלעט, אָדער דער אָפֿענהאַרציקער „לא זו הדרך"!...

שוין נישט צו רעדן וועגן דער ערנסטער און אויפֿבויענדיקער קריטיק. אָט יענע קריטיק, וועלכע דאַרף זיין שאַפֿעריש און ווי יעדע שאַפֿערישקייט — אויך אַנטדעקעריש וועלכע דאַרף *אַרויסהעלפֿן* דעם קינסטלער, דעם דיכטער אויף זיין וועג צו זיך, צו זיין קונסט. יענע קריטיק, וועלכע זאָל זיין אימשטאַנד צו אַנטפּלעקן דעם קינסטלער, אפֿילו פֿאַר דעם קינסטלער גופֿא — אָט יענע קריטיק איז צו מיר לגמרי נישט דערגאַנגען. זי האָט מיך געלאָזט אינגאַנצן אָן אַ זייט און מיך געהייסן טאַפּן מיינע דיכטערישע וועגן אַליין, אין דער פֿינסטער!... פֿאַרוואָס?

אמת, אונזערע יידישע, אַזויגערופֿענע, „אָפֿיציעלע קריטיקער" זענען טאַקע קליין אין דער צאָל און צעוואָרפֿן איבער ארבע פּינות העולם, אָבער...

אָט דער „אָבער" האָט נישט איין זעלבסטמערדערישן מאָטיוו אין מיינע לידער אַרויסגערופֿן, און ווער ווייסט, צי דאָס איז נישט איינע פֿון די עיקר־סיבות פֿון מיין *גרויסן מינדערווערטיקייטס־געפֿיל* און פֿון דעם געוויסן צו להכעיס־טאָן, וואָס טראָגט זיך איבערן רוב פֿון מיינע „בייזע" לידער, פֿון וועלכע אַ היפּשער טייל.

איז אויך אַריין אין אָט דער איצטיקער זאַמלונג מיינער, וואָרום נאָר דער זשעני קאָן גיין זיין וועג אַליין. דער „פּשוטער" טאַלאַנט איז ווי אַ געוויקס, וואָס מוז האָבן זון און רעגן, כּדי צו קענען געדייען. וואָרום דער פּשוטער

טאַלאַנט איז מער נישט, ווי אַ מענטש בלויז! און ווי מענטש — האָט ער אויך זיינע עלנטע שעהן, אין וועלכע ער נויטיקט זיך אין וואַרימקייט, באַציונג, סביבה — אָן וועלכע ער גייט אויס, ווי איין שטיקל האָלץ, וואָס קען נישט ברענען...

*

און איצט וועגן מיין דאָזיקן בוך גופא. איך האָב דעם בוך אַ נאָמען געגעבן „בלאָע ווערטער", נישט אַזוי לויטן נאָמען פון איינעם פון מיינע לידער, ווי לויט דעם ערשטן ציקל, וואָס כאָטש ער הייסט „אַלטמאָדישע מאָטיוון", איז ער פאָרט געשריבן געוואָרן מיט ווערטער, וועלכע זענען איינגעטונקען געוואָרן אין יענער „בלאָער בענקשאַפט", מיט וועלכע איך האָב זיך ענדלעך אויפגעהערט צו „שע־מען", ווי איך שעם זיך נישט מיט מיין קינדהייט, פון וואַ־נען אָט די בענקשאַפט שטאַמט!... וואָרום, וואָס נענטער צו דער קינדהייט, אַלץ נענטער צום ריינעם, צום אומסוב־לימירטן אמת. און פאַרן אמת בין איך תמיד גרייט געווען מותר צו זיין אויף די גרעסטע דערגרייכונגען פון אונזער היינטיקער ציוויליזאַציע און קולטור, און אויף אַלע אי־רע וווּנדערבאַרע טעכנישע דעראָבערונגען. און אין מיטן גע־בראַזג פון דזשאַז און געקוויטשט פון סאַקסאָפאָן, אינמיטן דעם רויש פון קריגס־אַעראָפּלאַן און טאַנק־געברום — האָב איך נאָך תמיד געקענט דערהערן אין מיר, די „אַלטע" שטום פון אַ זשאַן זשאַק רוסאָ און געהאָרכזאַם נאָכגיין זיין מעכטיקן רוף: צוריק צו דער נאַטור! און אינאיינעם מיט שפינאָזאַן קומען צו דער שוין נישט אָריגינעלער היינט און „עפּיגאָנישער", פאַנטעאיסטישער פעסטשטעלונג פון — „דעאוס סיווע נאַטוראַ!" (גאָט, אָדער די נאַטור!).

וואָס נוגע מיין צווייטן ציקל: „אַ שעה מיט זיך", וואָלט ער גיכער געדאַרפט הייסן — „אַ לעבן מיט זיך"! ווייל

ערשטנס — פון זינט איך קען זיך, בין איך נאָך קיינמאָל נישט, אַפילו אויף קיין מינוט נישט, פון זיך אינגאַנצן אַרויסגעגאַנגען; און וועמען, ווי וועמען, אָבער זיך, בין איך פון אייביק אָן געבליבן געטריי, ביז צו וועלט־פאַרגעסנקייט! און צווייטנס — זענען אַזוינע און ענלעכע „איך״־מאָטיוון צעוואָרפן פאַראייינצלטע, איבער מיינע ביז־איצטיקע ביכלעך, און ערשט דאָ זענען זיי דערשינען אין אַ קאָמפּאַקטער, גרעסערער אַנצאָל. און דעריבער בין איך נישט ערב פאַר זייער דערדריקנדן און פאַטאַלן איינדרוק. ווען איך זאָל וויסן אַז דער יידישער לייענער פון פּאָעזיע איז גרויס אין צאָל און נעמט זיך איבער, אַזש ביז צו באַאיינפלוסט ווערן, פון יידישער פּאָעזיע — וואָלט איך אָט דעם ציקל נישט געווען אַריינגענומען אין דער זאַמלונג. אַזויווי אָבער דער פאַל איז נישט אַזוי — איז מיין געוויסן רויק.

איי, דער איינציקער לידער־לייענער אונזערער, דער דיכטער גופא און זיינע קאָלעגן דיכטער — איז ווער ווייסט עס נישט, אַז דיכטער לייענען נישט קיין לידער צוליב ריינעם פאַרגעניגן וועגן, נאָר בלויז צוליב „פאַכמענישע״ טעמים און אַרויסצוזאָגן „מבינות״!... דעריבער אַרט עס מיך נישט, וואָס אָט די לידער וועלן אויף זיי צו „פּעסימיסטיש״ ווירקן. סיי ווי דערגרייט צו זיי נישט די שטימונג, נאָר — דער וויאַזוי די שטימונג איז „געמאַכט״ געוואָרן!... וועגן רעצענזענטן און קריטיקער איז שוין אָפּגערעדט. ערשטנס איז אַ פראַגע, צי זיי וועלן זיך געפינען. און אויב יאָ, אויב עס וועט זיך פאָרט ערגעץ אָפּזוכן איינער — ווייסט דאָך אַפילו שוין אַ קינד אין דער וויג, אַז רעצענזענטן לייענען נישט, נאָר זיי „בלעטערן״, און בלעטערנדיק, וועלן זיי זיכער אָט די לידער אויך „אַריבערבלעטערן״...

זעט איר, מיט דעם דריטן ציקל „צווישן מיר און וועלט״ האָב איך שוין יאָ אַביסל צרות. דער דאָזיקער ציקלוס איז

שוין געשריבן געוואָרן מיט אַ געוויסן אַספּעקט אויף אַ געוויסן לייענער, וועלכער איז דווקא יאָ אימשטאַנד זיך איבערצונעמען מיט אַ דיכטערישער שטימונג. און אויב ער לייענט אים שוין יאָ אַמאָל, טוט ער אַפילו אַ „טובה" דעם דיכטער, אָבער — ער מיינט עס ערגעץ־ווו פאָרט נאָך ערנסט מיט אים. טאָ זאָל ער מיר דעריבער מוחל זיין פאַר געוויסע „פּראָזאַאיזמען" אין אַ טייל לידער מיינע און פאַר זייער אַביסל פּעליעטאָניסטישן נוסח: פאַרפאַלן! איך בין אַ שטיקל קריגערישע נאַטור און נישט אײנמאָל קומט מיר אויס צו פירן אַ קריג אַפילו מיט דער פּאָעזיע גופא. טונק איך זי איין צומאָל אין פעליעטאָניסטישן, אָדער ריין פּראָזאַאישן סאָס און זאָג: נאַ, זע, וואָס פאַר אַ פּנים דו האָסט „הייבטיקע צייטן"! און זיי מיר נישט קיין צו גרויסע מיוחסת, און נעם דיך נישט צופיל איבער ביי מיר, מיט דיין פּאָעטישער „אַדלקייט", „דערהויבנקייט" און „צאַרטפּילעוודיקייט"!... אָט אַ קאַפּריזנער פּרווו אַזאַ, אויף אַ פּאָעטישן אופן צו ווייזן פּאָעטן (און מיר אויך בתוכם) וויאַזוי מ׳דאַרף נישט שרייבן קיין פּאָעזיע. אַ צו להכעיס־שפּיל אַזאַ — אויף אַ טאַלענטפולן אופן צו פאַרדעקן דעם אייגענעם טאַלאַנט.

*

און צולעצט אַ פּאָר ווערטער נאָך וועגן דעם „אינטעלעקטואַליזם", וואָס אונזער ליט. קיבעצאַרניע, די אונטערקוליסן־קריטיק, וואַרפט פאָר מיינע לידער, ווי אַ כלומרשטן חסרון, ווי אַ שטערונג און אַ טאַמע פאַר דעם לירישן אונטערשטראָם זייערן. דאָס איז אַ מין פילאָזאָפישע פּאָעזיע — טענהען זיי — און דאָרט, ווו פילאָזאָפיע, דאָרט איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר דער ריינער ליריק.

אמת, עכטע, ריינע ליריק פאַרטראָגט טאַקע נישט קיין שום אינטעלעקטואַליסטישע „שטיק", קיין שום פילאָזאָפישע דריידלעך. אָבער כאָטש ליריק איז אומבאַדינגטע פּאָעזיע,

באַשטייט די פּאָעזיע דאָך נישט אויסשליסלעך פון ליריק, די לעצטע איז בלויז איינע פון אירע צאָלרייכע פּאָעטישע דערשיינונגען. און פונקט ווי ס'איז פאַראַנען אַ לירישע פּאָעזיע, אַזוי איז אויך פאַראַנען אַן עפּישע, אַן עלעגישע, אַ סאַטירישע און ענדלעך — אַ אידעאישע, אַ אינטעלעקטועלע און אַ פילאָזאָפישע פּאָעזיע. ס'הענגט אָפּ, וואָס מ'וויל און וואָס מ'דערגרייכט מיט איר. און אויב שוין — קאָן מען העכסטנס רעדן וועגן אינטעלעקטואַליזם, גייסטיקייט, אָדער פילאָזאָפיע אין דער פּאָעזיע פון דעם געגעבענעם פּאָעט, ווי וועגן זיינע אַן אייגנשאַפט, וועלכע איז, אָדער איז נישט, אין איינקלאַנג מיט זיין דיכטערישער פּרעדיסטינאַציע. אָבער באין אופן נישט — אין פאָרם פון אַ פאָרוווּרף!

אין דער אייראָפּעאישער פּאָעזיע, זענען פאַראַן מער אינטעלעקטואַליסטישע דיכטער, ווי ביי אונז דיכטער בכלל; און קיינעם פאַלט נישט איין זיי צו האַלטן דעריבער פאַר מינדערווערטיק. פאַרקערט — אַסך פון זיי זענען און וועלן בלייבן אויף לאַנגע דורות די פּאָעטישע לויכט־טורעמס, הויפּטזאַכלעך אפשר, צוליב זייערע גייסטיקע און אינטעלעקטועלע דערגרייכונגען, דווקא אויפן געביט פון פּאָעזיע. עס איז גענוג צו דערמאָנען אַזעלכע פּאָעטישע ריזן, ווי דער אויסגעשפּראָכענער גייסט-און אידעען־דיכטער וואָלט וויטמאַן, אָדער דער דורכאויסיקער פילאָזאָפישער פּאָעט פּאַול וואַלערי, אָדער אַזאַ גייסטיקע פּערזענלעכקייט, ווי אַלפרעד דעבלער. שוין נישט צו רעדן וועגן די קלאַסיקער, ווי געטע, וועמענס „פאוסט" (און נישט נאָר „פאוסט") איז אַ הונדערט־פּראָצענטיק, גרויס, פּאָעטיש־אינטעלעקטואַליסטיש ווערק. עס הענגט אָפּ, ווי געזאָגט, פון דער דערגרייכונג, פון דער קוואַליטעט און פון דער פּאָעטישער אָנגעצייכנטקייט פון דער געגעבענער, דיכטערישער פּערזענלעכקייט. און נישט פון דעם ענגן און קורצזיכטיקן קוק־ווינקל פון

אונזער היימישן ליט. שניפּישאָק, ביי וועמען אינטעלעקטואַליזם איז פּונקט אַזוי טריף, ווי פרעמד און ביי וועמען פּאָעזיע אידענטיפיצירט זיך אויסשליסלעך מיט השתּפּכות־הנפשדיקייט און באַשטייט פון לויטער ליריש געפילעכץ.

און עס וואָלט אפשר נישט כדאי געווען זיך ברייטער אָפּצושטעלן דעריבער, ווען אָט די פּרימיטיווע „מבי־גות־זאָגערײ״, זאָל כאָטש בלייבן בלויז אין די ענגע ראַמען פון אונזער ליט. קיבעצאַרניע גופא. ערגער איז, וואָס אַ טייל פון אָט די קוים־דערבאַקענע „קריטיקער״ אונזערע, גייען אַרויס אין דער עפנטלעכקייט מיט זייערע „עסטעטישע״ פּאָסטולאַטן, מ׳שטיינסגעזאָגט, און ווענדן אָן זייערע האָטענטאָטישע קריטעריעס לגבי ווערק, צו וועלכע זיי זענען אַבסאָלוט נישט דערוואַקסן, סיי גייסטיק און סיי עמאָציאָנעל אַפילו. נישט דאָ איז דער פּלאַץ אָנצורופן בעמען און אויסצורעכענען אַ גאַנצע ריי דיכטער, וועלכע זענען מיט אַ לייכט האַרץ געשטעמפּלט געוואָרן פאַר „גראַפאָמאַנען״, שוין צוליב דעם, וואָס זייער פּאָעטישער געשמאַק איז אַביסל מער ראַפינירט, און זייער אינטעלעקטועלער און גייסטיקער האָריזאָנט, אַביסל ברייטער און טיפער — פאַר דעם האָריזאָנט פון אונזער היימישן איישישאָק.

*

אומקערנדיק זיך צום פאַקטישן אינטעלעקטואַליזם אין אַ טייל פון מיינע לידער, וויל איך דאָ בלויז נאָך באַמערקן, אַז נישט מיינע מכלומרשטע פילאָזאָפישע דאָקטרינען (וועלכע זענען, אגב, נישט אָריגינעל און גענוג פּליסיק) נאָר דאָס שאַפן פון זיי דעם סוראָגאַט פאַר מיינע פערזן און זיי אויף א מער אָדער וויניקער געפיל־פולן אופן אויסדריקן — איז געווען די כוונה פון מיין דיכטערישן וואַרשטאַט. די פילאָזאָפישע רעפלעקסיעס זענען נישט און זענען קיינמאָל נישט געווען דער פועל יוצא פון מיין ליד, נאָר זיין דיכטערישע

הנחה, דאָס שפּרונג־ברעט, פון וועלכן דאָס ליד האָט ערשט געדאַרפט געבן דעם אייגנטלעכן שפּרונג אין דער פּאָעזיע.

וואָרום דער וועזנטלעכער שטריך פון דעם רוב מנין ובנין פון מיינע שאַפונגען, איז דער, וואָס דער פּאַקטישער פּאָעטישער מאַטעריאַל איז ביי מיר קיינמאָל נישט באַשטאַנען פון עפּעס אַ מין פּאַרטיקן „לעבנס־אינהאַלט", אָדער ריינע פּסיכישע רירונגען, און סתם שטימונגס־מאָמענטן, נאָר פון געוויסע, אַפילו גאַנץ שאַבלאָנע פילאָזאָפישע אידעען — אַ דורכפילטרירטע דורך דער פּריזמע פון געפיל! און דאָס פּאָעטישע, וואָס דאַרף עווענטועל דערפון זיך באַקומען — איז די סינטעזע פון אָט די ביידע אַנטקעגנגעזעצטע עלעמענטן. גייסט און עמאָציע וואָלטן זיך אַזויאַרום געפּרוווט דערלאַנגען די הענט. דער אינטעלעקט ווערט דאָ אונטערגעשווענקט פון דעם ריינעם לירישן אונטערשטראָם און די אַזויגערופענע „ריינע ליריק" ווערט אָפּגעריסן פון איר בלינדן, פּאָעטישן אינסטינקט, קאַפּריזנער בין־השמשותדיקער שטימונג און טונקעלען געמיט און ווערט באַאייגנפלוסט פון דעם מער באַוווסטזיניקן און מער קלאָרן געדאַנק און דעם קאָנטעמפּלאַטיוון גייסט, אָן וועלכן עס קאָן גאָרנישט געמאָלט זיין קיין שום דיכטונג פון אַ העכערן גראַד.

אויף וויפל דאָס איז מיר געלונגען, קאָן — פאַרשטייט זיך — נישט איך זיין דאָ דער פּוסק. מיר גייט דאָ בלויז אין פעסטשטעלן געוויסע געזעצן, לויט וועלכע איך האָב געפּרוווט באַוווסט, צי אומבאַוווסטזיניק, זיך ריכטן ביים באַשטימען און געשטאַלטיקן מיין פּאָעטישע פיקציע, אין הסכּם, ווי ווייט מעגלעך, מיט מיין עסטעטישן באַנעם פון פּאָעזיע בכלל.

וואָרום פּאָעזיע — לויט מיין טיפסטן איינזען — איז דער מוטיקסטער און וווּנדערלעכסטער, מענטשלעכער פּרווו,

אַריינצודרינגען אין דעם טיפן געהיימניש פון גייסט, דאָס באַיאָכן אים און אַרויסרופן. דאָס אַראָפּרייסן פון דער ווירקלעכקייט די געדיכטע שלייערן פון פינסטערניש און דאָס צעברעכן די מניעות, וואָס האַמעווען דעם ווילן און די פרייהייט פון דעם מענטש — געפינען זייער אויסדרוק, נישט נאָר אין לעבן, נאָר אויך אין דער טעאָריע פון דער קונסט און פון פּאָעזיע. אין זיין קאָנטעמפּלאַטיווער איינשטעלונג, ראַנגלט זיך דער פּאָעט מיט דער ווירקלעכקייט אין פאָרם פון מאַגיזם, פון קינסטלערישער באַשווערונג — אין זיין אידעאישער, אָדער פילאָזאָפישער איינשטעלונג, טרעט ער שוין אַריין אין געביט פון גורל, פאַטום. און די בריק צווישן אָט די ביידע איינשטעלונגען — דער קאָנטעמפּלאַטיווער און מאַגישער פון איין זייט, און דער פילאָזאָפישער און גורל-איינשרייטנדיקער, פון דער צווייטער — דאַרף זיין דאָס אינטעלעקטועלע ליד און דאָס ליד פון גייסט.

וואָרום קונסט איז פונקט אַזוי אַ פּסיכישע, ווי אַ גייסטיקע פונקציע, און דאַרף דינען דעם מענטשן, נישט נאָר, כדי אים בלויז צו „עמאָציאָנירן" און לייטערן זיין נשמה און געפיל-ספערע, נאָר אויך און אפשר הויפּטזאַכלעך — דערהויבן און לייטערן זיין גייסט, דעם אייביקן אומרו און בונטאַר אין אים. וואָרום אָן דעם גייסט, וואָלט דער מענטש קודם כל נישט געקומען צו דער מדרגה, צו וועלכע ער דערגייט פאַמעלעך און שטופּנווייז: צום מענטש!

ב. ש.

וואַרשע, אויגוסט 1937.

# אינהאלט


איך בין פול מיט דיר . . . . . . . . . . 6

## I. אלטמאדישע מאטיוון

* * * . . . . . . . . . . . . . . . 11
איך וואלט וועלן . . . . . . . . . . 13
פרילינג . . . . . . . . . . . . 14
איעדן טאג אינדערפרי . . . . . . . . . 16
ביז די נאכט וועט קומען . . . . . . . . 18
עמיץ . . . . . . . . . . . . . 20
אין מיינע אדערן . . . . . . . . . . 21
אומעטום . . . . . . . . . . . . 23
ביימער . . . . . . . . . . . . 24
ביי פולער לבנה . . . . . . . . . . 26
אין א זעלטענער שעה . . . . . . . . . 27
אין א זומער-טאג . . . . . . . . . . 28
ווער ווייסט ?... . . . . . . . . . . 30
פארוואס ? . . . . . . . . . . . . 33
איך וועל זיך נישט שעמען . . . . . . . 36
די וועלט . . . . . . . . . . . . 39
די פרוי . . . . . . . . . . . . 42
און אט איז ווידער הארבסט . . . . . . . 44
דער טויט . . . . . . . . . . . . 46

## II. א שעה מיט זיך

בלאע ווערטער . . . . . . . . . . . 49
איך בין בייז . . . . . . . . . . . 53
היינט בין איך א טרויעריקער מענטש . . . . . 56

היינט בין איך אַן איינזאַמער מענטש . . . . . . . 60
שאָך-מאַט . . . . . . . . . . . . . . . 58
אַליין . . . . . . . . . . . . . . . 62
אויטאָפּאָרטרעט . . . . . . . . . . . . . 65
ליד וועגן זיך אַליין . . . . . . . . . . . . 68
אַ מענטש אין דער נאַכט . . . . . . . . . . 71
אַ טעות . . . . . . . . . . . . . . 75
(Sic !) . . . . . . . . . . . . . . 78
אַוודאי . . . . . . . . . . . . . . 80
היינט בין איך אַ שטאָלצער מענטש . . . . . . . 81
נישט צוליב אייך . . . . . . . . . . . . 83


## III. צווישן מיר און וועלט


אין דיכטער-לאַנד . . . . . . . . . . . . . 87
רעכט צו לעבן . . . . . . . . . . . . . 89
דער מענטש איז שלעכט . . . . . . . . . . . 91
ליד וועגן ליבע אין אַ גרויסער שטאָט . . . . . . . 94
ליד צו אַ שטעקן . . . . . . . . . . . . . 101
צו אַ פערד . . . . . . . . . . . . . . 103
גראַמאַטיק . . . . . . . . . . . . . . 105
מיין זיידע — דער פילאָזאָף . . . . . . . . . 108
אַ בריוועל משה לייבן . . . . . . . . . . . . 114
צו גאָט . . . . . . . . . . . . . . . 119
אפשר . . . . . . . . . . . . . . . . 127

נ א כ ו ו א ר ט . . . . . . . . . . . 131

פון זעלבן מחבר:

**אפשרים** — (ווין 1927)
**מירן שטאט** — (לעמבערג 1932)
**מעשה און ליד** — (ווארשע 1934)

## פאריכטן פארן לייענען

זייט 31, צווישן דער זעקסטער און זיבעטער שורה, פעלט:
ווי עס צאפלט אפט אויף א גרעזל אין ווינט.

| זייט | שורה | אנשטאט | דארף זיין |
|---|---|---|---|
| 31 | 7 | ווי עס צאַפלט | און ווי עס ציטערט |
| 37 | 11 | דער זין | דעם זין. |
| 101 | 15 | זיר הייבן | זיך הייבן |
| 114 | 15 | בריווטרעטער | בריווטרעגער |
| 119 | 15 | און מיר | אין מיר |